ביבליאָטעק מאַרק ראַקאָווסקי

מאַרסעל פּרעוואָ

# פּרויען-בריוו

פון פראנצויזיש: מארק ראקאָווסקי

ב"מ

וואַרשע 1928

# אינהאַלט:

# נאָכן ווידוי ביים גלח.

א בריוו פון דער אלמנה דער באראָנעסין פון קאַרנול צום גלח זשאַבען פון דער אפריקאַנישער מיסיאָנערן-ברודערשאַפט, אין פאַריז.

ניצע 13 סעפטעמבער

מיין טייערער אַבאַט, איר זענט אַ הייליקער, ס'איז אַ דבר-ידוע, און איך האָב גרויס דרך-ארץ פאַר אייך, הגם איר זענט נאָך אַ יונגערמאַן און איך זייער אַן אַלטע פרוי, אַ מאַמע און אַ באָבע. קיינער ווייסט נישט אַזוי פיל פון אייערע פאַרדינסטן און פון אייערע גוטע מידות. דאָס זענט איר, אַ דאַנק מיר, אָנגעקומען אין דער סעמינאַריע, נאָך מיט צען יאָר צוריק; דאָס האָב איך אייך פאָרגעשטעלט און רעקאָמענדירט פאַר די מיסיאָנערן אין אַפריקע, ווען איר זענט געקומען צום באַשלוס, אַז איר ווילט וואָס שנעלער ווערן אַ מאַרטירער.

איך האָב מיך שטאַרק אינטערעסירט מיט אייך, — אַ דאַנק אייער בריוו און אַ דאַנק דער „כראָניק פון דער אמונה-פראָפּאַגאַנדע", — בעת איר האָט זיך געפונען אין מאַדאַגאַסקאַר און אין דאַהאָמי. אַ מערקווירדיקער מענטש זענט איר דערמאָלט געווען! אַך, איך האָב נישט קיין אַנדער וואָרט ווי מערקווירדיק! איר האָט קוים אָפּגעשניטן מיטן לעבן. מען האָט אייך שיעור נישט סקאַלפּירט *), צעשניטן, צערעדלט **), פאַרברענט,

*) סקאַלפּירן; אָפּשינדן אָדער אַראָפּרייסן די הויט פון קאָפּ צוזאַמען מיט די האָר. אזוי פלעגן זיך נוהג זיין די אינדיאַנער מיט געפאַנגענע.

**) ברעכן די גלידער אין אַ ראָד, וועלכן מען פלעגט דרייען.

ביז וואַנען ס'איז אראָפּגעקומען אַ באַפעל פון אויבן, מען זאָל אייך אוועקשיקן צוריק קיין פּאַריז. אין פּאַריז זענט איר פאַרבליבן קעגן אייער ווילן, אָבער בלויז צו דער צייט, ווען אייער פיבער וועט אַריבער.

איך ווייס דאָס אַלץ, און איך חזר איבער, אַז איך האָב פאַר אייך דרך=ארץ, אַז איך פאַרגעטער אייך, אַלס מיסיאָנער. אָבער צו מיין גרויס שטיינונג האָב איך מיך דערוווּסט, אַז אין ענין ווידוי זענט איר דער גרעסטער שלימזלניק.

יאָ, אַ שלימזלניק, ווי אַ קאָנפעסאָר*) אין באַצוג צו יונגע פרויען. מיך האָט איר צוויי אָדער דריי מאָל מתוודה געווען, און אַלץ איז געווען אין דער בעסטער אָרדענונג. אָבער מישטיינס געזאָגט, וואָסער ווערט האָט דער ווידוי פון אַ זקנה אין מיינע יאָרן? מיט וואָס האָב איך דען געקענט זינדיקן איצט? „אַדורכלאָזן אַ מעסע; טרייבן רכילות אויף מיין חברטע, מאַדאַם עסקבר; אויפרייצן מיין איידעם לאַראָש-דענוואַיע; א. אַז. וו...." קיין שום אַנדערע זאַכן קען איך איצט נישט אויסזוכן אייך צו דערציילן, ווייל איך האָב שוין נישט אַזאַ גרויסן ווערט. ס'זענען שוין אַריבער די צייטן -- איך וויל זאָגן ליידער! אָבער איך פאַרגעס, אַז איך רעד מיט אַ הייליקן — ס'זענען שוין אַריבער די צייטן פאַר מיר, איך זאָל קענען זינדיקן אויפן גרויסן שטייגער.

...צי האָט איר זיך, למשל, געקענט ריכטן אויף אַזעלכע אומשולדיקע פאַרטרויונגען, ווען איך האָב צו אייך געשיקט מיין אייניקל ליסיען, וועלכע האָט נישט לאַנג חתונה געהאַט מיטן וויקאָנט לוק דעלאַפּאַי? איר פאַרגלייכט מיין אומשעדלעכע פלוידעריי צו די רייד, וואָס גייען אַרויס פון ניינצניעריקע ליפּן; איר פאַרגלייכט מיין קאַלטע צניעות פון אַ זעכציקיעריקע בעל=תשובהניצע צו די געפילן פון אַ קליין ביי הארץ, וואָס לעבט און צאַפּלט זיך? מען קען קומען צו אַזאַ באַשלוס: ווייל איר האָט אַזוי אכזריותדיק מדריך געווען דאָס טייער קינד, אַז

*) דער גלת, ביי וועלכן מען איז זיך מתוודה.

נאָך איר ווידוי האָט זי שוין נישט געוואָגט זיך צוריקצוקערן צו איר אינטימען פאַמיליען=לעבן. אין אַזעלכע בולטע פאַרבן האָט איר געשילדערט די סבּנות, וואָס קענען אַרויסוואַקסן פון אַזאַ לעבן! זי האָט זיך געזעצט אויפן ערשטן בעסטן צוג קיין ניצאַ, און אַ צעטומלטע, אַ פאַרוויינטע איז זי אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס פון איר אַלטער באָבע...

איך האָב זי געקושט, געגלעט און באַרויקט אויף וויפל איך האָב געקענט. צוערשט האָב איך געמיינט, אַז ס'האָט פּאַסירט אַ וויכטיקע געשעעניש, אַז מיין איידים, דער באַנדיט דעלאַפּאַ האָט עפּעס אָפּגעטאָן אַ נידערטרעכטיקייט, וואָס מיין ליסיען האָט אַנטדעקט.

ווען מיין קינד האָט זיך אַ ביסל באַרויקט, האָב איך זי גאַנץ שטיל אויסגעפרעגט; ביי אונדז זקנות זעען אונדזערע רייד, פּונקט ווי אונדזערע פינגער: זיי ווייסן ווי אויפצודעקן די וווּנדן און נישט פאַרשאַפן קיין ליידן.

צוערשט האָב איך באַקומען אומבאַשטימטע אויסרופן...

„אַך! באָבע. סאַראַ אומגליק!... איך האָב נישט געוווּסט, אַז דאָס איז שלעכט!... מען האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז אַ ווייב דאַרף פאָלגן איר מאַן! מיין ליבער גאָט! וויאַזוי קען איך פון איצט אָן לעבן מיט מיין מאַן!...” דאָך איז מיר ביסלעכווייז געלונגען בעסער אַריינצוקוקן אין דאָסדאָזיק קליין אויפגעברויזט האַרץ.

איך האָב אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, וואָס מיט ליסיענען האָט פּאַסירט. איר, מיין טייערער גייסטלעכער, מוז איך צום באַדויערן אייך זאָגן, אַז איר האָט זי גאָרנישט פאַרשטאַנען. אַלזאָ, וועל איך אייך דערקלערן.

ליסיען האָט חתונה געהאַט צו נײַנצן יאָר, נאָך צוויי יאָר צייט פון בעלער-לעבן, פון טעניס, פּליאַזש, פון שטעט אויפן ים. דאָס אַלץ איז איצט, שיינט מיר, דער נייטיקסטער ספּאָרט פאַר אונדזערע טעכטער, כדי זיי טלין זיין צו דער חופּה. דאָס אַלץ ווערט אויסגעמישט מיט דער פּלאַפּלעריי פון שייבע יונגעלייט, מיט אַ סך מיאוסע ווערטער, וועלכע ווערן שלעכט פאַרשטאַנען; אָבער זיי וועקן דאָך אויף אין דער נשמה אַ גע-

ווּסע באַאוּמרוּיקוּנג. מיט איין וואָרט, דאָס רעגט אויף די ניי־גיריקייט פוּן בתולות און סוף כּל סוף בלייבן זיי אוּמוויסנדיקע.

וואָס שייך לוק דעלאַפּי, איר מאַן, האָט ער יונג גע־ענדיקט די סעמינאַריע פוּן די „גוּטע פּאַטערס", און ביז זיין דרייסיקיעריקן עלטער איז ער געווען אַ לעבעיונג מיטן גאַנצן קנאַק. קלעפּ אין קאָפּ, קלעפּ אין האַרץ, געשלעגעריי מיט שווערדן. — אָט דאָס איז דער פּועל־יוצא פוּן זיינע יונגע יאָרן. און גראָד דערמיט האָט ער מיך צוגעצויגן. מאַכט נישט אַזאַ מינע, גייסטלעכער! ווייל אַ לעבעיונג, וועלכן ס'ווערט פּאַרמיאוּסט דאָס אויסגעלאַסן לעבן, איז אויב ער איז נאָך געזונט און לוס־טיק — פּונקט ווי ס'איז געווען מיטן וויקאָנט דעלאַפּיי — איז ער מסוגל צו געבן דעם פוּלן גליק אַן אָרנטלעך מיידל. און ער האָט עס באוויזן, דער באַנדיט!

לוק, וועלכער איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן און וועל־כער האָט נישט געלאַנגווייליקט אין מיין געזעלשאַפט, — איך האָב די שוואכקייט אזוי צו טראַכטן — האָט מיר אַ צייט פאַר דער חתונה דערציילט, וויאַזוי ער וועט באַהאַנדלען זיין ווייב:

„איך וויל, האָט ער געזאָגט, אַז מיין ווייב זאָל מיך ליב האָבן, ווי קיינע פוּן מיינע ביז איצטיקע געליבטע, דער־פאַר וועל איך מיך „צוקלעפּן" צו מיין ווייב, ווי קיינמאָל אין מיין לעבן נישט"

אָט אזוי האָט ער זיך פאַר מיר אויסגעדריקט. איך האָב געשמייכלט און, קוקנדיק פוּן דער זייט אויף דעמדאָזיקן שיינעם קרעפטיקן יונג, האָב איך געטראַכט: „זיין ווייב וועט זיך נישט לאַנגווייליקן!" ווען איך האָב געזען, ווי דער וויקאָנט דרייט זיך ארום מיין קליינער ליסיען, ווי זי ווערט צעשמאָלצן פוּן זיין אָנוועזנהייט, ווי זי קוקט מיט פאַרליבטע אויגן אויף אים, האָב איך זיי אריינגעשטויסן אין די אָרעמס פוּן איינאַנדער און צו זיי געזאָגט: „האָט חתונה, מיינע קינדער, און דערלאַנגט מיר שנעל אַ מתּנה קליינע לאַפּאַיעלעך. איך האָב גרויס חשק צו זיין אַן עלטער־באָבע".

ווי נאָר לוק דעלאַפּאַי האָט חתונה געהאַט, האָט ער תיכף אָנגעהייבן צו פאַרווירקלעכן זיינע בחורישע פּלענער... אַך! ניין, ליסיען האָט קיין צייט נישט געהאַט צו לאַנגווייליקן בעת דער חתונה=נסיעה. צי האָט זי אייך דערציילט, גייסטלעכער? איך בין אין ספק. קודם=כל איז עס אַ שווערער ענין צו דערציילן דערפון אַ יונגן מיסיאָנער, ווי איר, וועלכער האָט אַן אַלטע באַבע, ווי איך בין. און צווייטנס, ווען זי האָט זיך פאַר מיר מתוודה געווען, האָב איך איר צוגעגעבן מוט, איך האָב זי געגלעט, געהאַלדזט און... אַלץ איז פאָרגעקומען אין דער בעסטער אָרדענונג. בעת איר, מיין טייערער גייסטלעכער, האָט ביים ווידוי געמאַכט פאַרשידענע אויסרופן, געקלאַפּט אויפן טיש, און אויסגעטראַכט חרטות! וואָסער חטא איז זי דען באַגאַנגען, דיר קלייניטשקע? זי האָט זיך געלאָזט פאַרגעטערן פון איר מאַן, און זי האָט אים אויך פאַרגעטערט מיטן גאַנצן האַרץ. זי האָט זיך אים אָפּגעגעבן מיטן גוף און דער נשמה, ווי אַן אמתע געליבטע. אַלץ וואָס ער האָט פון איר געפאָדערט, האָט זי אים געגעבן; קיין שום זאַך האָט ביי איר נישט אַרויסגערופן קיין עקל, ווייל זי האָט אים אָנסופיק געליבט; זי האָט נישט געהאַט קיין שום געוויסן־יסורים, ווייל דאָס איז איר מאַן און ווייל מען האָט צו איר געזאָגט. „זאָלסט האָרכן דיין מאַן!" איר וואָלט פון איר קיין פאַר נישט געהערט וועגן דידאָזיקע אַלע זאַכן, ווען איר וואָלט איר נישט געהאַט געשטעלט קיין משונהדיקע פראַגן, וועלכע האָבן אַרויסגענאַרט ביי איר דעם גאַנצן סוד.

איצט פאַרשטייט איר שוין, מיין טייערער גייסטלעכער, וואָסער פּעולה אייער אַפּאָסטאָלישע אויפרעגונג האָט געהאַט אויף דערדאָזיקער אויפריכטיקער נאַיווער נשמה?... ליסיען איז אַוועק צו אייך זיך מתוודה זיין מיט אַ ריינעם געוויסן, איבערגעצייגט, אַז זי איז געווען אַן אָרנטלעכע פרוי. זי איז אַרויס פון אייך אַן אויפגעצאַפּלטע, נישט וויסנדיק וואָס ס'איז דערלויבט און וואָס איז פאַרווערט צווישן מאַן און ווייב. פול מיט ליבע צו לוקן, אָבער אָנגעשראָקן פאַר אים, דורך אייערע רייד, האָט זי קיין אַנדער מקום=פּליטה פאַר אירע ליידן נישט געפונען,

נאָר ביי איר באָבען... אָבער וואָס וואָלט געווען, ווען איך זאָל נישט זיין?

איך וואָרן אייך, טייערער גייסטלעכער, אַז אייערע טעאָר־יעס וועגן פאַמיליען־לעבן וועלן אויף מיר און אויף מיין איי־ניקל אַ קנאַפּע שליטה האָבן: ווייל איך האָב פיל געלעבט און בין שטאַרק פאַרעקשנט. איר וועט מיך קיינמאָל נישט איבער־ציייגן, אַז אַ פּאָר־פאָלק, ווי לוק און ליסיען, דאַרפן זיין אָנגע־בלאָזן אין זייערע מאַן־און־ווייב־באַציונגען, פּונקט ווי דער בירגערמייסטער אַליין וואָלט אויף זיי אַכטונג געגעבן.

איך גיב אייך מיין ערן־וואָרט, אַז ס'ווילט זיך מיר לאַכן, ווען איך טראַכט, וויאַזוי איר שטעלט אייך פאָר די באַציונ־גען צווישן מאַן און ווייב:

„— מסיע, איך בין אייער געהאָרכזאַמע דינסט... וואָס און ווען איר ווילט...

„— איידער מיר באַהעפטן זיך, מאַדאַם, האָט אין זינען, אַז אונדזער ציל איז פאָרצוזעצן דעם מענטשלעכן מין. וואָס שייך מיך וועל איך ביי דערדאָזיקער געמיינזאַמער ארבעט אָנ־ווענדן אַלע מיינע געדאַנקען אויף אונדזער זון. אויב גאָט וועט אונדז געבן אַ זון.

„— איך, מסיע, אַרבעטנדיק מיט אַלע כּוחות צוזאַמען מיט אייך, וועל איך טראַכטן וועגן דער דערציונג פון מיינע טעכטער".

אָט אַזאַ מין אידעאַלער שמועס, מיין טייערער מיסיאָנער, דאַרף לויט אייער מיינונג געפירט ווערן צווישן מאַן און ווייב, דאָס וואָס איר רופט אָן מיט אזא געמיינעם, ברוטאַלן נאָמען: די אַרבעט פון לייב... איר זענט נאָך אַפילו מוסיף — האָט מיר דערציילט ליסיען — אַז די גאַנצע ליכט אין שטוב דאַרף דע־מאָלט ווערן אויסגעלאָשן, אַז די ליפּן דאַרפן זיך נישט קושן, אַז די הענט דאַרפן בלייבן אומבאַוועגלעך און אומשולדיק... אויסטאָן די לייכטע נאַכט־בגדים איז לויט אייער מיינונג זייער נישט אָנשטענדיק. איר רעקאָמענדירט אפילו זייער גראָבע פּרטים און משונהדיקע נייגונגען. ס'שיינט מיר, אַז אַזעלכע מעשיות

הערן אויסגעאַרבעט ע"גענץ אין אַ וואַרשטאַט!... וואָס שייך צערטלעכקייטן, לאַסקעס, פאַרשענערונג אין דער ליבע, דאָס איז ביי אייך לא יזכר ולא יפקד, דאָס רופט אַרויס ביי אייך אַ כעס פון משהן ביים גאָלדענעם קאַלב.

און מיין אָרעמע ציפקעלע ליסיען, האָט זיך אין אַזוי פיל פאַמיליען־צערטלעכקייטן מודה געווען!

אַלזאָ, מיין טייערער, הגם איר זענט אַ הייליקער און איך אַן עברהניצע, דאָך מעלדע איך אייך, אַז איר זענט אייך טועה בנוגע דער נאַטור, בנוגע מאָראַל! איר פאַרשטייט? איך בין זיכער, אַז איך בין גערעכט. ווען אין א משפחה ליבט מען זיך, ווי לוק און ליסיען, איז עס אַ געבענטשט הויז. און איר האָט אייך געדאַרפט פרייען, ווײַל אַזאַ מין ביישפיל פרייריקט קעגן הייראַט־פאַרראַט און דאָס רעדט מער, ווי אייערע אַלע דרשות. בנוגע די „פאָרמען" פון דערדאָזיקער ליבע זאָג איך אייך, אַז ס'איז נישט וויכטיק. זינט די וועלט איז וועלט, האָט די ליבע עקזיסטירט און אירע געזעצן ענדערן זיך נישט: הענט זוכן תמיד טאַליעס, ליפּן זוכן ליפּן, און דאָס האַלט איך וואָלט געווען אַן עוולה פון גוטן גאָט, אויב ער וואָלט געהאַט אַ שלעכטן חסד — זיך צו בייזערן.

אָט, וואָס איך האָב געזאָגט מיין איינִיקל, מיין טייערער גייסט־לעבער; און אַזויווי זי האָט פאַרטרויונג אין איר באָבע, האָב איך אין זעלבן אָוונט געהאַט די שמחה, איר אָפּצושיקן, אַ באַרויקטע און אַ פריילִיכע, צו איר באַאומרויקטן מאַן. וווּנדערט אייך נישט, אויב זי קומט שוין מער נישט זיך מתוודה זיין ביי אייך. איך האָב זי אָפּגעשיקט צו מיינעם אַ פריינט, צו א יעזואיטישן גלח, וועלכער איז אַ ספּעציאַליסט אויף יונגע פרויען, און, ווי מען זאָגט איז ער צו זיי זייער צערטלעך. אָבער איך בלייב אייך כסדר געטריי, און אַז איר וועט קומען צוריק קיין פאַריז קענט איר זיך בייזערן און אפילו מיך פאַרמשפּטן.

און ביז יענער צייט באַטראַכט גוט די עצות, וואָס די אַלטע בעל־תשובהניצע דערלויבט זיך אייך צו געבן. איך פאַרזיכער אייך, אַז דאָס וואָס איר זייט געווען אַ מיסיאָנער שטערט אייך

צו זיין אַ גוטער קאָנפּעסאָר. איר מוזט מיינען, אַז איר האָט תמיד צו טאָן מיט נעגער-פּרויען פון אַפריקע. איך מוז אייך מודה זיין, אַז אַזעלכע שווארצע מאַלפּעס מוזן זיין עקלהאַפט אין די רגעס פון זייער תאווה, און איך, אויף אייער אָרט, וואָלט זיי אפילו פאַרווערט אַ צווייטן מאָל צו קומען...

אָבער לוק און ליסיען, מיין טייערער גייסטלעכער! זיי זענען דאָך ביידע אַזוי איידל! זיי דאַרפן זיך וועלן איינשליי-גען איינער דעם צווייטן אין אַזעלכע מאָמענטן!

---

# אין רעסטאָראַן

א בריוו פון מאדמאזעל סעסיל לעריטיע
צו דער מאנאשקע אלבאַני אין מאָנאסטיר פון די
אורסולין דאַמען אין שאַטעלרא

פאַריז 7 פעברואַר

אך, טייערע אַלבאַני! וויפל אומגעריכטע זאַכן אין מיין לעבן פון נעכטן אינדערפרי אָן, — פון דער שעה אָן, וואָס איר האָט מיך באַגלייט אויפן שאַטעלראָער וואָקזאַל, מיך איינגעאָרדנט אין א דאַמען-אָפטיילונג, דערנאָך געקושט און אַוועק. שטעלט אייך פאָר, אַז איך בין איינע אַליין אין פאַריז אין דער גרויסער אומעטיקער וווינונג אויף וואַנאָער גאס!.... איינע אַליין, מיט דינער, פאַרשטייט זיך. אָבער נישט דער פאַפא, נישט די מאַמאַ, נישט די מומע לוציע. גרויסע שנייען האָבן געמוזט פאַרהאַלטן די באַנען פון אַנעסי, דער וועג מיט וועלכן זיי דאַרפן אָנקומען צוריק פון איטאַליע. צוויי אויספירלעכע טעלעגראַמעס האָבן מיך באַרויקט. איך וועל אַלזאָ זיין אָן זיי אויף דער חתונה פון מיין קוזינע הערבלי, צוליב וועלכער זיי האָבן געדאַרפט אָנקומען קיין פאַריז צוזאַמען מיט מיר. דער טאַטע האָט געדאַרפט קומען אומגעריכט. יא, אומגעריכט, מער נאָך ווי אומגעריכט איז מיין געשעעניש פון נעכטן אין אָוונט... צי דאַרף איך אייך דערציילן? יאָ, איר זייט די בעסטע פון די מאָנאשקעס... איר וועט זיך אויף מיר נישט בייזערן, אויב איך האָב שלעכט געטאָן, ווייל איך ווייס אַליין נישט וואָס איך האָב אַזוינס געטאָן.

איר דערמאָנט אייך, מיין טייערע שוועסטער, אז אינם מאָמענט ווען איך בין אַריינגעשטיגן אין דער אָפּטיילונג פון בלויז דאַמען, האָב איך דאָרט געפונען נאָר איין פּאַרשוין: אַ בלאָנדינקע, זייער אַ פּשוטע און אַן עלעגאַנטע? זי האָט געטראָגן אַ בלויע קלייד, אַן אַסטראַכאַנער זשאַקעט, אַ קליינעם גרויען קאַפּאָט, און אַ וויאָלעט-שלייער. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט געשלאָפן אין ווינקל, האַלטנדיק אין די שפּיץ פון אירע פינגער אַ קליין שוואַרץ געבונדן ביכל. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז אַ תּפילה-ספרל, און איך דערמאַן מיך נאָך, ווי איר האָט צו מיר געזאָגט:

„איר פאָרט דאָ מיט אַ פרומער פרוי... טוט ווי זי, מיין קינד, און ציט אַרויס אייער ספרל פון וואַליזע... דער וועג לויפט שנעל אַדורך, ווען מען טוט תּפילה.

ביז טור בין איך און די אומבאַקאַנטע פאַרבליבן זיצן איינע אַנטקעגן דער צווייטער; זי איז כסדר געשלאָפן. אין טור איז אַריינגעשטיגן אַן עלטערע דאַמע, מיט אַ קערבל אין די הענט. הייזעריקע געשרייען האָבן זיך געלאָזט הערן פון קערבל, ווו ס'האָט זיך געפונען אַן אַלטע, ווייסע פּאַפּוגע. די אומבאַקאַנטע האָט זיך אויפגעכאַפּט און זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן... מיר האָבן ביידע אַ שמייכל געטאָן. זי האָט אויפגעדעקט דעם שלייער. דעמאָלט האָב איך פעסטגעשטעלט אַז זי איז זייער שיין, זייער בלאַס, פּונקט לויט מיין געשמאַק, מיט אויסערגעוויינלעך גלאַנציקע אויגן. זי האָט אָנגעהייבן צו לייענען אין קליין ביכל; אויף דער רעכטער זייט פונם ביכל האָב איך באַמערקט אַ קרוין פון אַ גרעפין.

די זקנה מיט דער פּאַפּוגע איז אַראָפּגעשטיגן אין בלואַ; די גרעפין (איך וועל זי אַזוי אָנרופן, הגם איך ווייס נישט איר נאָמען), האָט תּיכּף צוגעמאַכט איר ביכל און פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס... וואָס האָט זי צו מיר געזאָגט? קיין שום וויכטיקע זאַכן. מיר האָבן געשמועסט וועגן וועטער, וועגן דער שנעלקייט פון צוג, וועגן דער פּאַפּוגע. נאָך אַ שעה צייט פון געצוווּנגענעם שטילשווייגן, וואָלט איך גערן אויפגעבונדן

די צונג. דאָס וועט אייך נישט איבערראַשן, טייערע שוועסטער, אַלבאַני, היות איר באַשולדיקט מיך תמיד אין פלוידעריי!... צי קענט איר זיך פאָרשטעלן, ווי איך פאָר פון שאַטעלראָ קיין פאַריז, נישט אַרויסרעדנדיק קיין איינציק וואָרט? איך וואָלט זיכער געשטאָרבן.

מיט אַ שעה שפּעטער בין איך און מיין שכנטע געוואָרן די בעסטע פריינט אין דער וועלט. זי האָט מיר דערציילט, אַז זי וווינט אין פאַריז, בערך דריי חדשים אין יאָר, אָנהייבנדיק פון אַפּריל. ווינטער פאָרט זי קיין ניצע, זומער אין אַ דאָרף און צום ים. איך האָב אָנגערופן מיין נאָמען. איך האָב איר דערציילט, אַז מיין קוזינע הערבל, האָט חתונה, אַז איך בין איר ערן-פריילן, אַז אין פאַריז וועל איך טרעפן מיינע עלטערן, וועלכע זענען מסתּם נאָך נעכטן אָנגעקומען.

די גרעפין האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט אַלץ. זי האָט אָנגעהייבן אויסצופרעגן וועגן מאָנאַסטיר, צי איך האָב דאָרט געהאַט גוטע פריינט, ווי אַזוי זענען דאָרט איינגעאָרדנט די שלאָף-צימערן, צי די גרויסע מיט די קליינע געפינען זיך צוזאַמען. איך האָב אָנגעהייבן צו טראַכטן, אַז זי מוז האָבן אַ פּענסיאָנאַט, אַזוי ווי ס'אינטערעסירן איר דיזאָיקע אַלע פּרטים... אין דערוועלבער צייט האָט זי אויף מיר אַזוי שטאַרק צוגעפעסטיקט אירע אויגן, אַז זי האָט אַ פּחד אויף מיר אָנגעטריבן. ביי עפּעס אַ וואָרט, וואָס איך האָב צופעליק אַרויסגערעדט, האָט זי זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעלאַכט; אָבער תּיכּף נאָכדעם האָט זי זיך צוגעבויגן צו מיר, מיך אַ קוש געטאָן, און דעמאָלט האָב איך אַרויסגעזען, אַז זי איז אַ גוטע פרוי.

מיר זענען אַראָפּגעשטיגן אין אָבּרע, כּדי אָפּצופרישן זיך. איך בין געווען גליקלעך, האָבנדיק מיט וועמען אַראָפּצוגיין אין בופעט. זי האָט זיך געזעצט לעבן מיר, גערעדט מיט יונגעלייט. איך אַליין האָלט גאָר די העזה נישט געהאַט, איך וואָלט געשטאָרבן פון חרפּה... זי האָט נאָכדעם געוואָלט פאַר אַלץ באַצאָלן. ווען מיר זענען אַריין צוריק אין צוג, האָט זי מיך אַוועקגעזעצט לעבן זיך, מיר האָבן זיך געדריקט צו איינאַנדער,

כדי נישט דערפרוירן צו ווערן, מיר האָבן זיך געגעבן די הענט. אין אָברע זענען עטלעכע פּאַסאַזשירן איינגעשטיגן צו אונדז אין קופּע; מיר האָבן זיך שוין מער נישט געקענט אונטערהאַלטן אַזוי פריי ווי פריער... איבעריקנס, בין איך געווען שלעפערדיק; איך האָב געכאַפּט אַ דרעמל, דעם קאָפּ אָנגעלענט אויפן אַקסל פון דער גרעפין.

אין פּאַריז האָב איך מיך אויפגעכאַפּט... איר קענט אייך פאָרשטעלן מיין שטוינונג און מיין טרויער, ווען איך האָב אויפן וואָקזאַל נישט באַגעגנט מיין פּאַפּא און מאַמאַ!... ענדלעך, האָב איך דערזען וויקטאָרן, אונדזער דינער, וועלכער האָט געמאַכט באַוועגונגען פון פאַרצווייפלונג ביי דער פאַרצוימונג פון וואַרט-זאַל. איך בין צוגעלאָפן צו אים אין דער באַגלייטונג פון דער גרעפין. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ טעלעגראַמע וועגן דעם שניי-שטורעם אין אַנעסי... וואָס זאָל מען טאָן? די גרעפין האָט תּיכּף אָנגענומען א באַשלוס...

„טראָגט אוועק דער מאַדמאַזעלס באַגאַזש, — האָט זי געזאָגט צו וויקטאָרן מיט אַ מושלדיקן טאָן, די מאַדמאַזעל וועט מיטאָגן ביי מיר; אין אָוונט וועל איך זי אַליין אָפּפירן אַהיים“.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגן. נאָך א רגע פון וואַק-לעניש, האָט וויקטאָר זיך געפאָלגט. איך בין אַוועק מיט דער גרעפין; ווען מיר זענען אַריינגעשטיגן אין פיאַקר, האָב איך דערהערט, ווי זי האָט דעם קוטשער אויפגעגעבן דעמדאָזיקן אַדרעס: „צום שכן!...“ און אין צוואַנציק מינוט ארום האָבן מיר זיך שוין געפונען אין אַ קליין פּירקאַנטיק צימער, שטאַרק באַלויכטן, באַפּוצט מיט שפּיגלען און דיוואַנען. איך האָב מיך אַוועקגעזעצט ביי אַ סערווירטן טיש, זייט-ביי-זייט מיט דער גרעפין, וועלכע האָט דערלאַנגט באַפעלן דעם משרת.

... שטעלט נישט אויס אַזעלכע גרויסע פאַרוואונדערטע אויגן, מיין טייערע שוועסטער אַלבאַני... אין דער רגע האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך האָב נישט געדאַרפט אַזוי לייכט מיט פאָרן מיט דער אומבאַקאַנטער דאַמע. זי האָט אויסגעטאָן איר קאַפּאָט, איר אַסטראַכאַנער זשאַקעט. איצט איז זי געווען גע-

קליידט אין א מין וועסט, אין אַ געקראָכמאַלעט ברוסט=העמדל און אין אַ קראגן; אירע בלאָנדע האָר זענען געווען קורץ אָפּגעשניטן און פריזירט. זי האָט געהאט אַן אויסערגעוויינלעכן, נישט קיין ווייבערישן אויסזען, אָבער דאָך זייער עלעגאַנט. און איך, קוקנדיק אין שפּיגל, האָט גיר די שפּיגל אָפּגעשיקט דאָס בילד פון אַ קליינער פּענסיאָנערקע, אין אַ שווארצע קלייד, אין אַ שוואַרצן קאָרסאזש. אַך, וואסער קלייד! וואָסער קאָרסאַזש! איך וויל נישט רעדן קיין שלעכטס אויף דער נייטערקע פון מאָנאַסטיר, טייער אלבאני! אָבער ס'איז, באמת, אַ חרפּה, וואָס מען לאָזט אונדז אַרויס אין אַזאַ הלבשה... די גרעפין האָט געזען מיין פאַרטרויערטן אויסזען. זי האָט בלי־ספק פאַרשטאַנען די סיבה פון מיין דאגה, ווייל זי האָט מיך צוגעצויגן צו זיך, מיר געזאָגט, אַז איך בין שיין, אַז איך האָב צויבערהאַפטע אויגן, זייער אַן איידעל מיילכעלע און שענסטע האָר אין דער וועלט... זי איז געווען צו מיר אַזוי ליבלעך, אַזוי פריינטלעך, אַז איך בין רויט געוואָרן פון מיין אויסגעצויגענעם אויסזען. טרערן האָבן זיך מיר שוין געהאט געשטעלט אין די אויגן, אָבער איך האָב באַקומען אַפּעטיט און אָנגעהייבן צו עסן.

און פון איצט אָן מוז איך מיך מודה זיין, געדענק איך נישט קלאָר וואָס מיט מיר איז געווען. צי איז עס געווען אַ מין נערוועזיטעט, וואָס האט גורם געווען מיין האַלבטאָגעדיקע נסיעה? צי איז דאָס געווען די ווירקונג פון אַ געשמאַקערן מיטאָג, ווי אין מאָנאַסטיר, ווייל דאָ איז געווען שאַמפּאַנער לרוב?... איך ווייס נישט. איינס איז יאָ זיכער, אַז איך בין געוואָרן פריילעך און געפלוידערט אויף וואָס די וועלט שטייט. איך האָב אפילו אַרומגענומען דער גרעפין, פונקט ווי זי וואָלט געווען מיינע אַן אלטע באַקאַנטע, פון אַ יאָר צוואנציק... איך האָב געמוזט מאַכן נאָך אַ טויזנט משוגעתן, וועגן וועלכע איך קען מיך נישט דערמאָנען... זיידלט אייער קינד, שוועסטער אַלבאני: זי איז נעכטן געווען נישקשהדיק שיכּור.

אדרבה, די גרעפין איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ מער פאַרזאָרגט... זי האָט אויף מיר געקוקט, זיך צוגעהערט צו

מיינע רייד. ס'האָט איר מסתּם באַאומרויקט דאָס, וואָס די קליינע פּענסיאָנערקע ווערט אַזוי לוסטיק.

ווען מען האָט דערלאַנגט קאָמפּאָט, האָט זי אַוועקגעשיקט דעם דינער, זאָגנדיק צו אים: „לאָזט אונדז אַליין!...״ זי האָט צוגעמאַכט די טיר אויפן ריגל און צוקומענדיק צו מיר האָט זי געזאָגט:

„איר זענט זייער רויט, מיין טייער קינד... צי טוט אייך עפּעס נישט ווי?...״

איך האָב מיך מודה געווען, אַז ס'דריקט מיך עפּעס.

„מאַכט אייך באַקוועם, האָט זי ווידער געזאָגט, מיר זענען דאָ איינע אַליין. קיינער וועט אונדז נישט שטערן״.

און זעצנדיק זיך לעבן מיר האָט די זעלטענע פרוי אָנגעהייבן אָפּצושפּילען די קנעפּלעך פון מיין קאָרסאַזש; נאָכדעם האָט זי אַראָפּגעצויגן מיין גאָרסעט, נישט אַזוי פּשוט, נאָר מיט גוטע רייד, מיט לאַסקעס; — אין אמתע באַרמהערציקע שוועסטער!... באַפרייט דערפון, האָב איך מיך אָנגעהייבן צו פילן בעסער. איך האָב מיך אָנגעלענט אָן דער ברוסט פון מיין פריינט און געשטאַמלט:

„אַך, ווי גוט איר זייט!״

זי האָט זיך צוגעקוקט אויף מיין העמד און געזאָגט:

„ווי טוט מען אָן מיידלעך אַזעלכע מיאוסע גרויסע העמדער!... קיינמאָל וואָלט איך אויף מיין לייב נישט פאַרטראָגן אַזעלכע העמדער״...

בעת זי האָט געטאַפּט די לייוונט פון מיין העמד האָבן זיך אירע פינגער אָנגעשטויסן אויף אַ שנירל, אויף וועלכן ס'זענען געווען צוגעבונדן מיינע קליינע הייליקייטן. איידער איך האָב אַ וואָרט אַרויסגערעדט, האָט זי זיי שוין אַראָפּגענומען. זי האָט גענומעןביידע מעדאַליאָנען, וועלכע איר האָט מיר געגעבן: „נאָטר-דאַם פון לורד״, און דאָס „הייליק האַרץ״ צוזאַמען מיט מיין בלייען אקסלבאַנד.

אַ צייט האָט זי עס באַטראַכט אין אירע הענט. זי האָט זיך פאַרטראַכט. זי האָט מיר אַ פרעג געטאָן:

„איר נעמט עס קיינמאָל נישט אַראָפּ?
— ניין, האָב איך געענטפערט... איך האָב געטאָן אַ נדר עס קיינמאָל נישט אַראָפּצונעמען.
— מען טוט אַזעלכע נדרים אין מאָנאַסטיר, האָט זי געזאָגט... אָבער ס׳קומט אַמאָל אַ טאָג, ווען מען טאָר מער נישט... ווען מען קען מער נישט... איך אַליין האָב געטראָגן אַזאַ בלויען אַקסלבאַנד"...
און זי האָט מוסיף געווען מיט אַ פאַרענדערטן טאָן:
„איך וואָלט אים געוואָלט נאָך איצט אויך טראָגן".
אַ מינוט האָבן מיר ביידע קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. נאָכדעם האָט זי זיך פּלוצלונג אויפגעהייבן.
„טוט אייך אָן!" האָט זי האַסטיק אַ זאָג געטאָן...
אַ פאַרוואונדערטע האָב איך מיך אָנגעטאָן דעם גאָרסעט, דעם הוט און דעם מאַנטל. בשעת מעשה איז די גרעפין געזעסן אויסגעדרייט צו מיר מיטן פּלייצע און מיטן שטערן צוגעדריקט צו די שויבן. זי האָט זיך דערנאָך אויך אָנגעטאָן, אָנגעקלונגען צום דינער און באַצאָלט דעם חשבון... קיין וואָרט האָט מען מער פון איר נישט געהערט.
איך האָב מיך אַביסל געשראָקן פאַר דערדאָזיקער שטיל־שווייגעניש. מיר האָבן פאַרלאָזט דעם רעסטאָראַן, מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ פיאַקר, וועלכער האָט אויף אונדז געוואַרט ביי דער טיר. איך האָב מיך שוין אָנגעהייבן צו באַרויקן, ווי די גרעפין האָט צו מיר געזאָגט:
„גיט אויף דעם קוטשער אייער אַדרעס".
כּל־זמן די רייזע האָט געדויערט, האָט זי נישט גערעדט, נישט געקוקט אויף דער קעלט. זי האָט אויפגעעפנט אַ פענסטערל און אַרויסגערוקט איר פּנים צו דער גאַס. איך בין געזעסן אומבאַוועגלעך אין מיין ווינקעלע, פרעגנדיק זיך אַליין:
„פאַרוואָס איז זי אין כּעס? וואָס האָב איך איר געטאָן?"
אָנגעקומען אויף וואַגאָער גאַס איז די גרעפין אַרויס־

געשטיגן צוזאַמען מיט מיר, אָנגעקלונגען און מיך איבערגע־
געבן אין די הענט פון וויקטאָרן, וועלכער האָט, אַ באַאומרו־
יקטער, אויף מיך געוואַרט. איידער זי איז אַוועק, האָט זי מיך
לייכט אַ קוש געטאָן אין די באַקן, און געזאָגט:

„מיין טייער קינד, טראָגט ווייטער דעם בלויען אַקסל־
באַנד: ס׳איז זייער גוט. אָבער זאָגט אייערע עלטערן, זיי
זאָלן אייך נישט לאָזן פאָרן איינע אַליין. מען האָט אַמאָל
אין וואַגאָן געפערלעכע באַגעגענישן”.

... ביי דידאָזיקע ווערטער האָט זי זיך דערווייטערט, אַריינ־
געשטיגן אין פיאַקר, און אַוועקגעפאָרן, איבערלאָזנדיק מיך אין
גרויס חידוש... נישט געקוקט אויף מיין אָפּגעמאַטערטקייט, האָב
איך אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, אַזוי האָט מיר דידאָזיקע
געשעעניש צעחושט. היינטיקן פרימאָרגן בין איך רויקער.
איך פאָרש מיין געוויסן; ס׳דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב
קיין שום שלעכטס נישט געטאָן. און דאָך האָב איך אומבאַ־
שטימטע געוויסן־יסורים. אָט פאַרוואָס איך האָב מיך גע־
וואָלט מתוודה זיין, תיכף און אויפריכטיק, — אייך, מיין
טייערע שוועסטער, וועלכע וועט מיר אויפקלערן, וועלכע וועט
מיר זאָגן, וואָס מען דאַרף טראַכטן וועגן דערדאָזיקער דאַמע
און צי האָב איך שלעכט געטאָן, עסנדיק מיט איר צוזאַמען.

...אך! אַ קלייניקייט האָב איך פאַרגעסן. דאָס קליין
פּערל אין שוואַרצן באַנד איז געווען אַ תּפילה־ספּרל. די גרעפין,
אָראָפּציענדיק איר זשאַקעט האָט עס אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד,
אין רעסטאָראַן. אויפהייבנדיק עס, האָב איך איבערגעלייענט דאָס
קעפל. ס׳איז בלי ספק גאָר אַ מעשה מיט אַ הייליקן ברודער.
ס׳רופט זיך אָן, דאַכט זיך מיר „דער משרת פון קאַרם” אָדער
דער משרת פון קאָרדעליע”...

# !האָט רחמנות

אַ בריוו פון מאַדאַם דיפרען צום מסיע
זשאַק דופלאַיאָב

מיין ליבער גאָט! איך האָב מיך שטאַרק געוואַקלט, איידער איך האָב גענומען די פען אין דער האַנט, מסיע זשאַק! וויפיל בריוו האָב איך שוין אָנגעהייבן, וויפל בריוו האָב איך שוין צעריסן פאַר דעם און איך בין נאָך נישט זיכער, צי כ'וועל אים פאַרענדיקן... ערשטנס וואָרן איך אייך, אַז אין מאַך אָרטאָגראַפישע גרייזן, נישט קיין קליינע, נאָר גרויסע... און מסתם גרייזן אין דער פראַנצויזישער שפּראַך אויך; אָבער ווי ס'שיינט מיר זענען יענע גרייזן נישט אַזוי וויכטיק! חוץ דעם מאַכט איר מיך אַזוי אָפּהענטיק, מסיע זשאַק! ווען איר קוקט מיר אין פּנים אַריין מיט אייערע גרויסע אויגן (אייערע אויגן זענען דאָך אַזוי שיין), ווייס איך דעמאָלט נישט, וואָס איך רעד, איך הער אַפילו אויף צו טראַכטן. און דאָך וואָלט איך מיך געוואָלט ראַטעווען, פאַרשווונדן ווערן אין אַ קליין חושכדיקן ווינקל, ווו איר וואָלט מיך נישט געקאָנט זען... איך בעט אייך, מאַכט נישט חוזק פון מיר, ווען איר וועט לייענען דעם בריוו!

אַלזאָ, מסיע זשאַק, איך האָב דערפון שטאַרק געטראַכט. ס'איז געווען אַ גרויסער אומגליק פאַר מיין מאַן — מיין אָרעמער לואי — און פאַר מיר אויך, וואָס איר האָט אייך ביידע געטראָפן אין קאַליע, פונקט אין די „דרייצן" טעג, וואָס אייך איז דאָרט אויסגעקומען צו זיין. דאָרט האָט איר נישט געהאַט מיט וועמען צו שמועסן אַ חוץ ווי מיט אים; און ער איז

דאָך אַזאַ גוטער, אַזאַ ליבער און ער איז ממש נתפעל פון אייך! איר האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און האָט זיך געמוזט חברן מיט אים. ווייל איר זענט צוויי טעריטאָר־יאַלע לייטענאַנטן און אויף דער מיליטערישער דינסט ווערן אַלע קלאַסן אויסגעגלייכט, נישט אמת? אָבער בשעת די „דרייצן" טעג זענען פאַרענדיקט, ווען מען טרעט אַריין ווידער אין ציווילן לעבן, דעמאָלט זעט מען זיך אַרום, אַז מען איז נישט פון דערזעלבער געזעלשאַפט, אַז מען האָט נישט דעמזעלבן פאַרמעגן, א. א. וו... איך בין מער נישט ווי א נאַרישע פרוי, אָבער איך האָב מיך גוט צוגעקוקט, ווי איר האָט געשטיינט פון אונדזער באַשיידן לעבן, ווען איר האָט געגעסן מיטאָג ביי אונדז צום ערשטן מאָל. מיר האָבן געטאָן, וואָס מיר האָבן געקאָנט און דאָך האָבן מיר גאַנצע אַכט טעג מיט לואין געשמועסט וועגן דעמדאָזיקן מיטאָג. לײדער, האָבן מיר נישט געקאָנט טוישן אונדזער וווינונג, אונדזער מעבל, די דינסט. איר דאַרפט וויסן, אַז לואי פאַרדינט אין מיניסטעריום נישט מער ווי פירטויזנט פראַנק!

איר קענט אייך פאָרשטעלן, ווי איך האָב געליטן אין יענעם אָוונט. ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אַרויסגייענדיק פון אונדז, האָט איר געהאַלטן אין איין לאַכן פון לואין און פון מיר, פון מיטאָג, פון דער וווינונג, פון דער דינסט. לואי האָט אויך אַזוי געטראַכט, אָבער מיר האָבן נישט געוואַגט צו רעדן דערפון צווישן זיך. מיר זענען געווען פאַרדאגהט, מיר האָבן געטראַכט: „ס'איז אים געווען זייער לאַנגווייליק; מיר זענען צו קליינע מענטשלעך פאַר אים, וועלכער פאַרברענגט תמיד מיט אַמבאַסאַדאָרן!... ער וועט געוויס צו אונדז מער נישט קומען..."

אָבער אָט זענט איר ווידער געקומען און אפילו זייער אָפט. מיר זענען ביידע געווען שטאַרק צופרידן, באַזונדערס לואי, ווייל צוערשט האָט איר מיך מיט פרייד אָנגעפילט און דאָס האָט מיר כמעט ווי ווייי געטאָן... אָבער שפּעטער, ווען איך האָב מיך אַביסל צוגעוווינט, האָבן ערשט דעמאָלט אייערע

ווײזיטן מ י ר מער פֿאַרגעניגן פֿאַרשאַפֿט... איך האָב אָבער נישט געקאָנט פֿאַרשטײן, וויאַזוי איר, װעלכער זעט אַ װעלט מיט מענטשן, װעלכער קומט אין בולאָנער װאַלד, װעלכער באַגעגנט זיך מיט אַזױפֿיל קלוגע, געבילדעטע, שײנע פֿרויען — וויאַזוי האָט איר געקאָנט פּטרן אײערע נאָכמיטאָג שעהן לעבן מיר, לעבן אַן אומוויסנדע, נישט עלעגאַנטע פֿרוי...

אָבער אײנמאָל, ווען איר האָט אָנגענומען מײן האַנט, ווען איר האָט מיר אָנגעזאָגט אַנגענעמע זאַכן און נאָכדעם, ווען איר האָט אײנגעפונען, אז איך בין שײן, ווען איר האָט מיר דערצײלט, אַז איר האָט געטראַכט פֿון מיר, אַז איר ליבט מיך, האָב איך, באמת, געמײנט, אַז ס'איז אַ חלום. און דער חלום איז געווען אַזוי פֿײן, אַז איך וואָלט מיך קײנמאָל נישט געוואָלט אױפֿכאַפּן... איר האָט צו מיר גערעדט, אַזוי צאַרט! איר האָט געזאָגט, אַז איר האָט גרויס דרך-ארץ פֿאַר מיר, אַז איר האַלט מיך פֿאַר אַן אָרנטלעכע פֿרוי, אַז איר וואָלט פֿאַר קײן שום אופֿן אין דער וועלט נישט געוואָלט איך זאָל דורך אײך פֿאַלן און אַז איר האָט צו שטאַרק ליב לואין — איר זאָלט צונעמען בײ אים זײן כּבֿוד. איר האָט בלויז פֿון מיר געפֿאָדערט, איך זאָל אײך דערלויבן מיך צו ליבן... וויאַזוי האָב איך אײך געקאָנט אָפּזאָגן? איך האָב געגלויבט, אַז דאָס איז מעגלעך, אַז מיר קענען זיך ליבן, ווײל, ענדלעך, האָבן מיר דאָך בײדע געליבט לואין.

און אָט שטיל, רויִק האָט איר באַקומען פֿון מיר אַזעלכע זאַכן, אויף וואָס איך וואָלט פֿריִער קײנמאָל נישט מסכּים געווען. אַך! ווי גוט איר קאָנט פֿרויען, מסיע זשאַק! צווישן אײערע הענט פֿיל איך, אַז איך בין מער נישט איך: איך בין אַ קלײן באַשעפֿעניש אָן אַ שום ווילן, אָבער קוים גײט איר אַוועק, ווער איך משוגע פֿון געוויסן-יסורים... נאָך דעם אַלעם, צי האָב איך נאָך דאָס רעכט צו זאָגן, אַז איך בין אַן אָרנטלעכע פֿרוי? איך גלויב, אַז נײן, אַזוי שולדיק פֿיל איך זיך אין מײנע מעשׂים. אָבער דאָך האָב איך נישט אָפּגעטאָן דעם לעצטן חטא, נאָך וועלכן איך וואָלט קײן העזה נישט געהאַט

אָנצוקוקן לואין. און דעריבער בעט איך פון אייך איצט, איר זאָלט האָבן רחמנות, מיך שאַנעווען און נישט שענדן מיך פולשטענדיק...

אַלזאָ, איר דאַרפט מער נישט קומען צו מיר, מסיע זשאַק. איך בין צו שטאַרק פארליבט אין אייך. איך האָב מער קיין כוחות נישט און פיל, אז איך בין אייערע, ווי נאָר איר וועט פרווון מיך צו נעמען... און דעמאָלט וועט זיין זייער שלעכט! מיין אָרעמער לואי האָט דאָך מיך אַזוי ליב, ער איז דאָך אַזא גוטער! ער אַרבעט דאָך אַזוי פיל פאַר מיר! וואָסער ווערט האָב איך פאַר אַזאַ מענטשן, ווי איר זענט? אַ קאַפריז, אַ פאַנטאַזיע, פון וואָס איר זענט בעצם נישט שטאַרק נתפעל... בעת פאר לואין בין איך אלץ; ער ליבט בלויז מיך אַליין. אפילו ווען ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט דערוווּסט, וואָלט איך געשטאָרבן פון פיין, ווען איך וואָלט אים פאַרראַטן. און וואָלט ער זיך דערפון דערוווּסט, וואָלט ער זיכער געשטאָרבן און דעמאָלט וואָלטן מירביידע געווען שולדיק אין זיין טויט. איצט האָרכט מיר ווייטער אויס: אין דער איצטיקער רגע גלויב איך, אַז איך בין עטוואָס אין אייער געשמאַק, איך בין אָבער זיכער, אַז דאָס וועט ביי אייך נישט לאַנג דויערן. איר וועט פאַרשווינדן ווערן און מיך וועט עס קאָסטן געזונט, ס'וועט אייך תמיד ציען צו די גראַנד-דאַמען, וועלכע איר ליבט, ווייל זיי זענען עלעגאַנט, ווייל זיי רעדן זייער שיין, ווייל זיי ווייסן דאָס און יענץ. אַזוי האָט מען מיר געזאָגט, ווייל, איך אליין האָב זיי קיינמאָל נישט געקענט... איך בין בלויז אַ קליינע שלימזלניצע, וועלכע ווייסט נאָר, וויאַזוי אייך שטאַרק ליב צו האָבן...

ווייסט איר וואָס איך זאָג צו זיך ביינאַכט, ווען איך קאָן נישט אנטשלאָפן ווערן און טראַכט וועגן דעם, וואָס איר פאַרלאַנגט פון מיר? איך זאָג צו זיך: „מסיע זשאַק האָט מיך בעצם נישט ליב; ס'איז בלויז דערפאַר, ווייל איך גיב אים אַ גרעסערן ווידערשטאַנד פון די אַלע איבעריקע פרויען, מיט וועלכע ער האָט צו טאָן; אָבער קוים באַקומט ער מיך

נאָר — ווערט ער אָנגעזעטיקט. ער וויל מיך אויס אייגן־ליבע. אָט, צוליב דעמדאָזיקן געדאנק ווילט איר מיך האָבן, און דער געדאַנק גיט מיר צו כּוחות אייך צו געבן אַ ווידערשטאַנד, אייך צו שרייבן היינט...

אַלזאָ, אויב איר פאַרלאַנגט מיך בלויז אויס אייגן־ליבע סאָ זייט צעפרידן! צי איז נישט אַלץ איינס, ווי איך וואָלט צו אייך געהערט, ווען איך בעט היינט ביי אייך רחמים איר זאָלט מיך שאַנעווען? מיין כּבוד איז אין אייערע הענט! שאַנעוועט מיך, מסיע זשאַק, שאַנעוועט אונדז... אייך וועט מען תּמיד ליבן און איר וועט תּמיד זיין גליקלעך. איר און מיין אָרעמער לואי האָבן מיר בלויז איין שטיקל גליק, וואָס מיר ליבן זיך. באַרעכנט אייך, ווי אכזריותדיק ס׳וואָלט געווען ווען איר צושטערט עס! טוט אַלזאָ דאָס, וואָס איך בעט פון אייך!

איך בין זיכער, אַז איר וועט עס טאָן, ווייל איר זענט ארענטלעך און גוט... איך האָב בלויז פאַר אייך זאַך מורא; איך וועל עס אייך זאָגן, אויב איר וועט מיר צוזאָגן נישט צו לאַכן פון מיר. איך האָב מורא, אַז דאָך ליבט איר מיך עטוואָס און אַז איר זאָלט אַמאָל אַ ביסל נישט ליידן דערפון, וואָס איר וועט מיך נישט זען... אַך! זייט נישט ברוגז אויף מיר, מיין טייערער פריינט! די ליידן, וואָס איך פאַרשאַף אייך, דער־פירן מיך צו פאַרצווייפלונג. אָבער אַנדערש קאָן נישט זיין! איך בעט ביי אייך מחילה, ליידנדיק שטאַרק דערפון... דאָך בעט איך אייך, האַלט אויף אין זכּרון אייער קליינעם פריינט. זי האָט אייך שטאַרק ליב געהאַט, זי האָט זייער געוואָלט צו אייך געהערן און זי וועט נאָך טראַכטן פון אייך לאַנג־לאַנג, ווען איר וועט שוין האָבן פון איר פאַרגעסן...

---

# טרייקייט

א בריוו פון אַנטואַנעט, דאָס דינסט-
מיידל, צו איר מאַדאַם, דער באַראָנעסע ראָזעמאָן.

פּונקט אַזוי ווי די מאַדאַם באַראָנעסין האָט מיר באַפוילן און פּונקט, ווי ס'איז אָפּגערעדט געוואָרן צווישן דער מאַדאַם מיטן הער באַראָן, האָב איך באַגלייט דעם הער באַראָן קיין רוּאַן אויף זיין רייזע, נאָך אַ ירושה פון דער קאַנאָנעסין דע וואַראַנזשעוויל.

די מאַדאַם וואָלט נישט געווען גערעכט, ווען זי וואָלט געמיינט, אַז איך האָב פאַרגעסן דאָס, וואָס זי האָט מיר באַפוילן, ד. ה. שיקן איר אַ דעפּעשע, אויב דער מאַן וועט בייטן די דאַטע פון זיין צוריקקער און, באַזונדערס, אויב ס'וועט זיך אים פאַרוועלן אַריינפאַלן בייַנאַכט קיין פּאַריז. לאָז די מאַדאַם מיר דערלויבן איר צו זאָגן, — אַזויווי זי האָט דעם פולן צוטרוי צו מיר — איך מיין, אַז די מאַדאַם וועט אויסנוצן די אָפּוועזנהייט פון הער באַראָן און וועט זיך גיין באַגעגענען מיטן קאַפּיטאַן פאָנטענעבלאָ. די מאַדאַם האָט דאָך אַזוי ווייניק פרייהייט.

אָבער דאָך איז נישט אַלץ פאָרגעקומען אַזוי ווי איך האָב געטראַכט. איך האָב מיך באַצייטנס פּונקט נישט געקאָנט דערוויסן וועגן די פּלענער פון הער און דעמאָלט זענען פאָרגעקומען אַזעלכע זאַכן וואָס איך בין מחויב צו דערציילן דער מאַדאַם. איבעריקנס, זאָל זיך די מאַדאַם נישט באַאומרויקן און דער הער קאַפּיטאַן אויך נישט. דער הער באַראָן האָט אָפּגעלייגט זיין צוריקקער קיין פּאַריז און היינט אינדערפרי האָט ער צו מיר געזאָגט: „ס'איז מיר דאָ זייער גוט און

איך האָב שטאַרק חשק איבערצובלייבן נאָך אויף אַ דריי טעג".

גאָר צום ערשט, דאַרף די מאַדאַם צו וויסן, כדי זי זאָל אַלץ פאַרשטיין, אַז דער הער באַראָן פּוצט זיך צו מיר שוין זייער לאַנג. איך האָב עס די גאַנצע צייט נישט דערציילט דער מאַדאַם, ווייל ס'האָבן קיין שום וויכטיקייט נישט די רייד פון אַ דינסט=מיידל, ווי איך, א חוץ דעם בין איך נישט געוווינט צו מסרן אויף מיינע באַלעבאַטים. און ווייטער, אויסער אַלעם האָב איך מיר קיינמאָל גאָרנישס געלאָזט טאָן, די מאַדאַם קאָן מיר גלויבן. דאָך איז דער הער באַראָן געווען זייער היציק! למשל, ווען איך פלעג אים דערזען אין עפּעס אַ צימער, פלעג איך נישט אַריינקומען. ער פלעגט מיך אַרומכאַפּן פאַר דער טאַליע און מיך קושן הינטער דער מאַדאַמס פּלייצע. אין אָוונט, ווען דער הער און די מאַדאַם האָבן מיך אַריינגערופן אין דער קאַרעטע, כדי צו פאָרן אויפן וואָקזאַל, -- ווייל צוליב דער וואַליזע, וואָס איז געשטאַנען לעבן קוטשער האָב איך געמוזט זיצן אינע-ווייניק, — ווייסט נישט די מאַדאַם, וואָס פאַרע צרות מיר איז אויס-געקומען אויסצושטיין, כדי זיך איינצוהאַלטן און נישט שרייען! די מאַדאַם ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך פאַרטראָג נישט ווען מען קיצלט מיך !... באַזונדערס איז שווער די לאַגע פון אַ דינסט=מיידל, ווען זי איז געטריי די באַלעבאַטים.

כדי צו טאָן אַ טובה דער מאַדאַם, האָב איך געמאַכט די-דאָזיקע רייזע קיין רוען. איך בין געווען אין אַ שטאַרקן ספק, צי דער הער וועט נישט וועלן אויסנוצן די לאַגע, וואָס איך בין מיט אים אַליין, כדי ווידער נישט אָנצוהייבן זיינע שטיק. איך האָב געטראָפן. צום ערשט האָט ער געוואָלט איך זאָל פאָרן מיט אים אין ערשטן קלאַס, אָבער איך בין נישט געווען קיין נאַר און פריער געקויפט אַ בילעט צווייטע קלאַס; און בשעת ער האָט געקויפט זיינעם, בין איך שוין דאָרט געזעסן. דעמאָלט איז ער געקומען מיך זוכן. איך האָב מיט אים געמוזט פירן אַ מלחמה ביז מאַנט, ווייל מיר זענען אַליין געווען אין קופּע, דער הער און איך. אין מאַנט, זענען, צום גליק, אַריינגעשטיגן

דערבײַ האָט זיך דער הער אָפּגעשטעפּט פֿון מיר און אַוועק אין זײַן קופּע.

אָבער אין רואַן, אין דער קאַרעטע, וועלכע האָט אונדז געפֿירט צום הויז פֿון דער פֿאַרשטאָרבענער קאַנאָנעסין, איז דער הער באַראָן ווײַטער צוגעשטאַנען. איך מוז זאָגן דער מאַדאַם, אַז דעם גאַנצן וועג האָב איך קיין מינוט מנוחה נישט געהאַט. ערשט אין דער קעגנוואַרט פֿון, בײַדע דינערס פֿון דער פֿאַרשטאָרבענער, יאַאַכים און אורסולע האָט ער זיך באַרויקט. וואָס פֿאַרע העסלעכע פּנימער בײַ די בײַדע דינערס! פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען דינערס אין אַ מאָנאַסטיר! איך האָב קיין שום חשק נישט געהאַט צו עסן צוזאַמען מיט זיי. און דער הער באַראָן האָט גאַנץ גוט געטאָן, וואָס ער האָט מיך צוגענומען פֿון זיי, ווײַל זיי האָבן גאָר קיין באַגריף נישט, וואָס ס׳הייסט אַ דינסט בײַ אַ הויכגעשטעלטער פּערזאָן. די מאַדאַם קאָן זיך גאָרנישט פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַרע שטוינונג בײַ זיי האָט אַרויסגערופֿן דאָס הייסע וואַסער, וואָס איך האָב אינדער־פֿרי געטראָגן דעם הער אויף אַרומצווואַשן זיך.

איך האָב באַדינט דעם הער ווי ס׳געהער צו זײַן. אָבער איך האָב מיר גוט קלאָר געמאַכט דאָס בלויז, כּדי זיך צו פֿאַרטיידיקן פֿון הער. ער האָט געוואָלט, איך זאָל אים אײַנ־דערפֿרי אָנטאָן, פּונקט ווי פֿראַנסואַ טוט אים אָן אין פּאַריז און איך זאָל אים באַגיסן מיט וואַסער, ווײַל ס׳זענען נישט גע־ווען דאָרט קיין דוש-מכשירים. די מאַדאַם קאָן זיך פֿאָרשטעלן, ווי אַנגענעם דאָס איז געווען פֿאַר מיר!... מיטאָג-צײַט, האָב איך אַ ביסל אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, ווײַל דער הער באַראָן איז געווען באַשעפֿטיקט און ער איז געקומען ערשט אַ זייגער זעקס. אָבער פֿון דער צווייטער נאַכט אָן, האָט ער מיר באַ־פֿוילן, איך זאָל מיך לייגן שלאָפֿן אין שכנותדיקן צימער מיט אים, טענהנדיק, אַז ער האָט צײַטנווײַז שלאָפֿלאָזע נעכט, אַז ס׳טוט אים ווי דער בויך, און דעמאָלט קען בלויז אַ וואַרעמע זאַך שטילן זײַן ווייטאָג... איר האָט געדאַרפֿט זען די צורות, די מינעס פֿון די בײַדע אַלטע דינערס, ווען איך האָב דאָרט

אריינגעשטעלט מיין בעט! זיי האָבן זיך נישט געקאָנט איינ-האַלטן אפילו אין דער קעגנווארט פונם הער. יאַאַכים האָט געמורמלט: „אַ שוידער"!... און די אַלטע אורסולע: „אַ שאַנד, אַז אַזאַ געמיין שטיק זאָל קומען אַהער שלאָפן, לעבן צימער פון דער מאַדאַם, וועלכע איז געווען אַ הייליקע". איך האָב מיך געמאַכט פלאַ-ידע. אָבער ס'קאָסט געזונט, ווען מען רופט דיך געמיין שטיק, בעת דו ביזט אַן אָרענטלעך מיידל, ווי די מאַדאַם ווייסט.

איך האָב שטארק מורא געהאַט פאַר דעם הערס כוונות, דעריבער האָב איך בײנאַכט פאַרבאריקאַדירט מיין טיר. איך בין מיר רויק געשלאָפן, ווי מיטאַמאָל האָט מיך אַ געררויש אויפגע-וועקט. דאָס האָט ער געפּרוווט אויפעפעגען די טיר. איך האָב מיך פון אָרט נישט גערירט. ער האָט מיך גערופן: „אַנטואַנעט, אַנטואַנעט!" איך האָב אָפּגעענטפערט: „הער!"

— דער בויך טוט מיר ווי; מאַכט מיר אַ טעפּל רומ-יאַנעק, מיין קינד.

איך האָב מיר געטראַכט: ס'איז מעגלעך, אַז נישט דער בויך שפּאַרט דעם הער, אָבער איך מוז טאָן, וואָס מען הייסט מיך". אין אַ האַלבע שעה ארום איז דער רומיאַנעק געווען פאַרטיק. איך האָב געמוזט אויפמאַכן די טיר, כדי עס צו דער-לאַנגען דעם הער. ווען איך בין אַריין, איז דער הער ווידער צו מיר צוגעשטאַנען און ער האָט מיך אַזויפיל געמאַטערט, אַז דאָס טעפּל מיט רומיאַנעק איז מיר ארויס פון די הענט און אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. אַז איך האָב מיך געוואָלט פונאַנ-דער־ווינען, האָט מיך דער הער אָנגענומען פאַר די הענט, מיך געקושט און געזאָגט, אַז ער האָט מיך שוין זייער לאַנג ליב, אַז ער וועט זאָרגן פאַר מיין צוקונפט, אויב איך וועל זיין געניינט צו אים, אַז ער וועט פאַר מיר אויסמעבלירן אַ קליינע דירה לעבן זיין וווינונג. איך בין צו שיין — האָט ער געזאָגט — איך זאָל פאַרבלייבן אַ דינסט. איך האָב אים אָפּגעדאַנקט; איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קאָן נישט.

— צו אַלדע רוחות? — האָט דער הער אויסגערופן — וואָס ווילסטו נאָך? צי בין איך דיר געפעלן?

— דער הער באַראָן ווייסט גאַנץ גוט, אַז נישט דאָס איז די סיבה. דער הער באַראָן איז זייער אַ שיינער מענטש און ער געפעלט מיר זייער, פּונקט ווי ער געפעלט אַלעמען.

— אַלזאָ! טאָ אויף וואָס וואָרסטו, אויב איך געפעל דיר?

— דער הער פאַרגעסט פון דער מאַדאַם; און אויסער דעם בין איך אַן אָרנטלעך מיידל.

— די מאַדאַם וועט פון גאָרנישט וויסן, דו נאַרעלע! און וואָס שייך דיין אָרנטלעכקייט, הייס איך דאָך דיר נישט „גיין אין די ראָגעס". אדרבה, ווען דו וועסט האָבן דיין דירה, דאַרפסטו זיין אַזוי פּאָרזיכטיק ווי איצט... איך וועל פאַר דיר אויסזוכן אַ באַשעפטיקונג.

און דעמאָלט איז דער הער נאָך מער צוגעשטאַנען. אָבער ער האָט געזען, אַז איך פאַרטיידיק מיך, נישט אויף קיין געלעכטער און אַז מען קאָן גאָרנישט מאַכן מיט אַן אָרנטלעך מיידל, ווען זי וויל נישט...

ענדלעך, איז ער אין כעס געוואָרן; ער האָט מיר אָנגערעדט אַ סך נאַרישקייטן; ער האָט מיך אַוועקגעשיקט אין מיין צימער און האָט פאַרשלאָסן זיין צימער פון אינעווייניק. ס'איז מיר שטאַרק פאַרדריסלעך, וואָס איך האָב אים אויפגערעגט, אָבער שטאַרק צופרידן, וואָס איך האָב מיך שוין געקאָנט לייגן. אויס זיכערקייט, האָב איך ווידער אַמאָל פאַרבאַריקאַדירט מיין צימער. די מאַדאַם ווייסט דאָך, וואָס פאַראַ פּירות די מענער זענען!... איבעריקנס, האָט ער מיך שוין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשטערט.

אויף צומאָרגנס מאָנטיק, איז ער געווען אויף מיר אָנגעבלאָזן; ער האָט געהאַט אַ בייזן אויסזען; ער האָט צו מיר קיין וואָרט נישט גערעדט. איך האָב אים געוואָלט אַ פרעג טאָן, צי ער האָט נישט בדעה אַוועקצופאָרן דינסטיק אינדערפרי. אָבער באמת, זאָל מיר די מאַדאַם מוחל זיין. ער איז געווען אַזוי בייז,

אז איך האָב נישט געהאַט קיין העזה די ערשטע זיך אָנצורופן צו אים. ווי געוויינלעך, איז ער אַ גאַנצן נאָכמיטאָג נישט געווען אינדערהיים. ער איז געקומען פאַרנאַכט צום עסן. האַלב ביין האָט געקלונגען, ווען ער איז אַריין צו מיר אין צימער. ער האָט צו מיר געזאָגט:

„אַנטואַנעט, גרייט צו אייערע און מיינע זאַכן, מיר פאָרן אַוועק מיטן צענער צוג.

— מאָרגן אינדערפרי, הער?

— ניין! היינט אין אָוונט! באַלד!... איך האָב שוין פאַרענדיקט מיינע געשעפטן און איך האָב קיין שום חשק נישט צו פאַרבלייבן אַן איבעריקע שעה אין דערדאָזיקער שמוציקער שטאָדט...

די מאַדאַם פאַרשטייט, ווי ס'איז מיר געוואָרן אויפן האַרצן! ס'איז געווען זייער שפעט. דער טעלעגראַף איז געווען געשלאָסן, האָב איך שוין נישט געקאָנט טעלעגראַפירן דער מאַדאַם. איך האָב שטאַרק מורא געהאַט — ווי איך האָב פריער געזאָגט — די מאַדאַם זאָל זיך נישט געפינען צוזאַמען מיטן קאַפּיטאַן. פאַר מיינע אויגן איז שוין געשטאַנען דאָס בילד. ווי מיר קומען נאָך אַ האַלבע נאַכט אהיים און מיר געפינען נישט דער מאַדאַם... אָדער מיר געפינען דער מאַדאַם מיטן קאַפּיטאַן...

דער הער באַראָן האָט געזען, אַז איך בין אומעטיק, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— נו! אַנטואַנעט, איר האָט נישט פאַרשטאַנען... וואָס איז מיט אייך? פאַרוואָס מאַכט איר אַזאַ מינע?

גאָט האָט מיר אַריינגעגעבן אַ געדאַנק אין קאָפּ, איך האָב אָפּגעענטפערט:

— איך שרעק מיך, אַז דער באַראָן פאָרט אַוועק אַזוי שנעל, ווייל ער איז נישט צופרידן פון מיר... איך האָב נישט געוואָלט אויפרעגן דעם הער באַראָן... ווען איך וואָלט געוווּסט, אַז מיר פאָרן היינט אין אָוונט אַוועק...

דער הער האָט באַקומען אַן אַנדערע צורה...

— אַלזאָ! וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דו וואָלסט געוווּסט?... צי וואָלסטו נישט געהאַט אַזאַ נאַרישן קאָפּ, זאָג?

און ער האָט מיך אָנגענומען פאַר דער גאָמבע... אָבער דאָס מאָל האָב איך שוין נישט געטאָרט מיך ראַטעווען. ס'איז שוין בעסער געווען אַלץ נאָכצוגעבן, איידער אָנצוקומען פאַר דער צייט אין פּאַריז! ווען ער האָט עס דערזען, איז ער געוואָרן ווי פריער און האָט מיך געדריקט און געדריקט. איך האָב אים שטאַרק נישט אָפּגעשטויסן, איך האָב געלאַכט, איך האָב געזאָגט:

— זאָל דער הער נישט פאַרגעסן! דער הער קאָן נאָך פאַרשפּעטיקן דעם צוג!

— איר פייף אויפן צוג! — האָט געענטפערט דער הער.

ענדלעך, וואָס זאָל איך דער מאַדאַם נאָך זאָגן?... איך האָב גאָרנישט געקאָנט מאַכן, איך האָב געמוזט טאָן, וואָס דער הער האָט געוואָלט. איך פאַרזיכער דער מאַדאַם, אַז ס'איז נישט געווען קיין אַנדער עצה, כדי ער זאָל פאַר־שפּעטיקן דעם צוג...

איך וועל נישט דערציילן דער מאַדאַם, ווי די נאַכט איז אַריבער. נאַטירלעך, האָט מיך שוין דער באַראָן נישט געלאָזט פאַרשליסן די טיר אין מיין צימער; און דערצו, איז עס שוין געווען אַן איבעריקע זאַך, איך האָב געמיינט, אַז היינט אינדערפרי וועלן מיר שוין אַוועקפאָרן 8 אַ זייגער, אָבער דער הער וויל זיך נישט רירן פון אָרט. ער האָט געמאָלדן, אַז רואַן געפעלט אים; ער וויל מיט מיר מאַכן אַ שפּאַציר איבערן לאַנד...

איך בין געווען אָפנהערציק מיט דער מאַדאַם. זאָל די מאַדאַם זיין זיכער, אַז זי ווייסט דעם גאַנצן אמת, אַז איך האָב אַלץ געטאָן פאַר דער מאַדאַמס טובה וועגן. אויב די אַלטע דינערס שרייבן גאַנץ אַנדערש דער מאַדאַם, איז עס ריינער שקר. אויב די מאַדאַם וועט מיך הייסן, קום איך גלייך צוריק קיין פּאַריז. אויב די מאַדאַם וויל האָבן נאָך אַביסל פרייהייט, בין איך זיכער, אַז ס'וועט מיר געלינגען נאָך איינ־צוהאַלטן דעם הער...

דער הער שטעלט אַרויס זייער גרויסע פאָדערונגען, און מיט מיין טאָג-באַדינונג איז עס אַביסל צו שווער פאַר מיר. אָבער אויב די מאַדאַם ווילן איך זאל נאָך בלייבן, וועל איך עס גערן טאָן, אויס טרייקייט צו דער מאַדאַם, האָבנדיק אין זינען, אַז די מאַדאַם איז גליקלעך, און דער מסיע קאפּיטאַן אויך!

---

# נייער פרילינג

בריוו פון דער מאַרקיזין ד׳באָשאַן
דער מאַדאַם ד׳אַסק.

מיין טייערע נאָעמי, מיר איז היינט געוואָרן 42 יאָר, עטוואָס מער פון דיר, וועלכע האָט קוים אַריבערגעשפּרייזט 40. איך בין שוין צוויי מאָל מאַמע און איין מאָל באָבע. פּונקט ווי דו, בין איך איצט אין דעמדאָזיקן עטאַפּ פונם לעבן, ווו יעדעס וואָרט, וואָס מען הערט, יעדער בליק וואָס מען וואַרפט אויף באַשעפענישן אָדער אויף זאַכן וואָס רינגלען אונדז אַרום, מאַכט אויף אונדז דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן אונדז אָנגעזאָגט, אַז ס׳האָבן זיך שוין פאַרענדיקט די אילוזיע-שעהן, אַז מען דאַרף זיך שוין ווידמענען צו וווילטעטיקייט און פרומקייט.

דאָך, בין איך נישט אומעטיק און נישט פאַרזאָרגט; דאָך באַגריס איך די ערשטע זון פון מערץ מיט דערזעלבער פרייד, וואָס מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען מיר זענען אָרעם ביי אָרעם אַרומגעשפּאַצירט אין פּאַרק פון קלויסטער און באַטראַכט דאָרט די בלומען. איך בין איצט, באמת, מיט דרייסיק יאָר ייִנגער; איך בין איצט געוואָרן יונג, אפילו ייִנגער ווי דעמאָלט. דאָס איז דערפאַר, ווייל איך ליב.

יאָ, איך ליב! אָך, איך בעט דיך, מאַכט נישט חוזק פון מיין פאַרטרויונג, ווייל דו ביסט די איינציקע, וועלכע איך קאָן עס דערציילן, וועלכער איך מוז עס דערציילן. דו, מיין טייערער פריינט, וועלכער האָט אַזוי לאַנג געטרוימט, געליטן און געליבט צוזאַמען מיט מיר! מיין ליבע איז אַן ערנסטע און איך פיל, אַז איך ווער משוגע. איך ליב מיט אַ התלהבותדיקער

צאַרטקייט און מיט אַ פייערדיקער תאווה, וואָס האָט צוריקגע־
קערט מיין האַרץ און מיינע געפילן די ערשטע תאווה פון די
יונגע יאָרן. צי דאַרף איך דיר נאָך מער דערציילן? איך האָב
קיינמאָל אַזוי שטאַרק נישט געליבט ווי איצט.

ס'איז געשען אומבאַוווסטזיניק און פלוצלונג. דאָך דאַכט
זיך מיר, אַז דאָס האָט שוין פּאַסירט גאַנץ לאַנג, און, אַז דאָס
האָט אויסגעבראָכן ווי אַ שטורעם־ווינט.

צוערשט האָב איך דעמדאָזיקן יונגנמאַן דערזען פאַריקן
יאָר, ביים אָנפאַנג פון די וואַקאַציעס. ער איז געקומען קיין
באָשאַן, כדי צוצוגרייטן מיין זון צו די עקזאַמענס אין סען־
ציר. איך וואָלט מיך שטאַרק געחידושט, ווען עמיצער זאָל מיר
דעמאָלט זאָגן, אַז דערדאָזיקער צאַרטער בחור'ל, דער שרעקעוו־
דיקער און ערנסטער, וועלכער וואַרפט זיך תמיד אין די אויגן,
זאָל מיר אַמאָל קענען אויפרודערן די נשמה בלויז מיט אַ
בליק, אָדער מיט צורירן זיך. און דאָך פון דער ערשטער רגע
אָן האָב איך דערפילט, אַז עס עקזיסטירט אַ מין געהיימע
התקרבות צווישן מיר און דעם פרעמדן, עפּעס אַ נויטווענדיקייט
זיך צו דערקענען, אַריינצודרינגען טיף אין דער נשמה, אַזוי
צו זאָגן. איך האָב געהאַט דאָס פּאַרגעפיל, אַז מיר וועלן ווערן
פריינט, צאַרטע פריינט. אָבער ס'האָט זיך מיר דעמאָלט אפילו
נישט געלייגט אויפן געדאַנק, אַז מיר וועלן ווערן געליבטע,
ווייל איך בין נאָך דעמאָלט געווען דאָס, וואָס מען איז גע־
וווינט אָנצורופן „אָרענטלעכע פרוי". דו ווייסט דאָך עס
גאַנץ גוט!

אַך! מיין טייערע נאָעמי, דידאָזיקע וואַקאַציע־טעג פון
יולי ביז סעפּטעמבער גלאַנצן ווי שטערן איבער מיין פאַר־
גאַנגענהייט, איך און ראָבערט האָבן מיר זיך שנעל באַקענט,
איך האָב ענטוואָפנט זיין שרעקעוודיקייט דורך זיסע ווערטער,
פון וועלכע מיר, ווייבער באַזיצן דעם סעקרעט, פונקט ווי מיר
האָבן ביטערע ווערטער, וואָס נעמען אָפּ דעם מוט ביי די סאַמע
דרייסטע און צעברעכן באַלד פון אָנפאַנגס זייערע אַלע פרווון.
מיט צען יאָר צוריק וואָלט איך, בלי־ספק, אַ ביסל צוגעקאָקע־

טירט מיט דעמדאָזיקן אונערפאַרענעם יינגל ; איך וואָלט מיך באַמיט אָנצוצינדן זיין תאווה, נאָכדעם וואָלט איך זי פאַנאַנדער־געבלאָזן מיט מיין קאַלטקייט, מיט מיינע געשיקטע אָפּ־זאָגן, דערפירנדיק אים צו אַ צושטאַנד פון משוגעת און פאַר־צווייפלונג, וואָס ס׳גיט אונדז פרויען דעם באַחייז פון אונדזער מאַכט. איצט האָב איך דאָס אַלץ נישט געטאָן, מיין טייערע. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די צייט איז פאַר מיר אָפּגע־מאָסטן, איז צו קורץ, כדי צו קאָנען זיך דערלויבן צו פאַרלירן די טייערע מינוטן אין אומזיסטע אָנשטעלן. מיט אַ מין יאוש האָב איך אַרויסגעוויזן דעם לערער פון מיין זון, אַז איך וויל מיך לעבן אים ; איך האָב נישט פאַרבאָרגן פון אים, אַז זיין פנים, זיין שכל און אפילו זיין שטים געפעלט מיר. איך האָב אים פאָרגעלייגט, ער זאָל מיר אָפּגעבן די פרייע רגעס, וואָס פאַרבלייבן אים נאָך די לעקציעס מיט מיין זון און נאָך זיינע אייגענע שטודירונגען. ווען ער וואָלט געהאַט מער דערפאַרונג אָדער מער אויסגעלאַסנקייט, וואָלט ער מיך אין די דריי חדשים געקאָנט צוואַנציק מאָל האָבן, און איך וואָלט מיך אים גערן אָפּגעגעבן. ער האָט זיך באַנוגענט דערמיט, וואָס ער האָט זיך געלאָזט ליבן, בלייבנדיק תמיד פאַרטראַכט, אָבער גלייכצייטיק גליקלעך. אַלזאָ, איך האָב אים פאַרגעטערט.

איך האָב אים פאַרגעטערט און איך בין געוואָרן אומרויק, כמעט שרעקעוודיק. צי ליבט ער מיך? ער האָט זיך, אָן ספק, געפילט גליקלעך לעבן מיר, ער איז געווען שטארק צופרידן פון דער ליבע, וואָס איך האָב אים אַרויסגעוויזן. אָבער, צי האָט ער מיך געליבט, ווי אַ געליבטער דאַרף ליב האָבן? צי האָט ער מיך געוואָלט האָבן? ווען איך בין געבליבן אַליין, האָב איך אויסגעפרעגט אַלע שפּיגלען פון מיין פּאַלאַץ. איך האָב געפּרוווט משפּטן מיין פנים מיט גלייכגילטיקייט און אויפ־ריכטיקייט, ווי מען משפּט אַ פרעמדן פנים. ליידער! איך בין געקומען צום באַשלוס, אַז איך בין נאָך שיין, אָבער שיינקייט, וואָס איז צעקנייטשט פון די יאָרן, פון מוטערלעכקייט, פון דאגות און ענטוישונגען. פאַרוואָס באַווייזן זיך ביי אונדז די

קנייטשן צוערשט אויפן פנים, מיין טייערע? פאַרוואָס ווערן מיר צוערשט אַלט אויף דעמדאָזיקן טייל פון אונדזער קערפער, וואָס וואַרפט זיך יעדערן באַלד אין די אויגן, בעת מיר זענען געצווונגען צו פאַרבאָרגן די איבעריקע, דאָס וואָס פאַרבלייבט צייטנווייז יונג, וואָס רופט אַרויס אפילו תאווה ביזן סאַמע שוועל פון דער זקנה? דיך מוזן וווּנדערן דידאָזיקע ווערטער, וועלכע ווערן אַרויסגעזאָגט פון מיר, פון אַ פרוי, וועלכע איז פאַרבליבן שטרענג אָרנטלעך ביז אַריבער פערציק און וועלכע האָט זיך ביז אַהער געשעמט אַפילו פאַר איר אייגענעם מאַן? אַלזאָ! איך האָב מורא געהאַט אויסצווייזן נישט יונג אין ראָבערטס אויגן, איך האָב געהאַט חשק צו ווערן באַגערט, אויף אַזוי פיל, אַז מיר האָט זיך געגלוסט, ס'זאָל צופעליק אויפגעדעקט ווערן דאָס, וואָס די סודותדיקע קליידער און קאָרסאַזשן פאַרבאָרגן — דער קערפער, צו וועלכן די זקנה האָט באַשטימט, נאָך קיין שליטה נישט געהאַט! דער קערפער, וועלכער איז פון האַלדז ביז די ליטקעס געווען אַזוי רייצנד און מער צוגעפאַסט פאַר ליבע, ווי דער אומבאַשטימטער קערפער פון עפעס אַ בתולה! יאָ, איך, אַן אָרנטלעכע פרוי, איך, אַ מוטער און אַ באָבע, האָב איך אויסגענוצט אַלע קונצן פון אַן אויסגעלאַסענער פרוי, כדי אויפצודעקן פאַר ראָבערטן מיינע אַקסלען, מיינע אָרעמס, מיין ברוסט... איך האָב מיך געלאָזט אָנקוקן, אַרויסגייענדיק פון וואַסער, אָנגעטאָן אין העלן פלאַנעלענעם באָד־קאָסטיום, וועלכער האָט זיך צוגעקלעפט צו מיין לייב און איז געווען דורכזיכטיק... וואָס האַרט מיך, אַז איך דערצייל עס אַלץ, איך האָב אים ליב געהאַט!

דערווייל זענען די וואַקאַציע־טעג געפלויגן מיט אַן אומגעהויערער שנעלקייט. ס'איז שוין געווען סוף סעפטעמבער. מיין זון איז אָנגענומען געוואָרן אין סען־ציר. פון איצט אָן איז שוין ראָבערט פאַרבליבן אין באָשאַן, ווי אַ גאַסט, ווי אַ פריינט. אינגיכן האָט ער אונדז שוין געדאַרפט פאַרלאָזן. און קיין שום דערקלערונגען איז צווישן מיר און אים נישט

פאָרגעקומען. ווען איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אינגיכן וועל איך אים שוין מער נישט זען, אַז דאָסדאָזיק לעבן, וואָס האָט צייטווייליק געלעבט לעבן מיר ,ווער פאַרטגעזעצט ווערן ערגעץ אַנדערש, אַז אינגיכן וועלן אַנדערע פרויען האַלטן דאָסדאָזיק ליבלעך קינד אין זייערע אָרעמס, וועלן אים קושן — האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז ס'איז געקומען אַ סוף צו מיין אייגן לעבן, אַז איך זע, ווי מיין קבר שטייט אָפן פאַר מיר. איך האָב געזוכט עצות, וויאַזוי צו קאָנען זיך מיט אים באַגעגענען, אָבער איך האָב גאָרנישט געקאָנט צוטראַכטן.

אָבער די עצה האָט עקזיסטירט. זי איז געווען זייער אַ פשוטע: מיין מאַן אַליין האָט זי אויסגעפונען.

דעם 22-טן סעפּטעמבער האָט דער מאַרקיז, מיין מאַן, אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור אויף אַ דעפּוטאַט, אין אונדזער געגנט. ער האָט געשטרעבט דערצו, צוליב זיינע מאָנאַרכיס- טישע אַספּיראַציעס און צוליב זיין לאַגע. דורך אַ צופאַל איז ער געוואָרן אויסגעוויילט. נאָכן דערפאָלג, ווען, מיר האָבן פּראָיעקטירט, וועגן איינאָרדנען זיך אין פּאַריז, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— מיין טייערע, — אָט בין איך שוין אַ דעפּוטאַט, וואָס ס'פרייט מיך זייער. איך האָב נישט בדעה צו מאַכן קיין טומל אין דער פּאַלאַטע און נישט ריוואַליזירן מיט אונדזערע פריינט מון און פרעפעל. אָבער שטייענדיק אַפילו אָן אַ זייט, מוז איך אַלץ דעפּוטאַט עפּעס טאָן סיי אין דער פּראַקטיע סיי פאַר ווייל‏ער. איך האָב גרויס חשק צו זיין אַ דעפּוטאַט, אָבער אין מיינע יאָרן ווילט זיך מיר שטאַרק נישט צו גראָבן זיך אין די פּאַפּירן. איך וויל נעמען אַ סעקרעטאַר. ווי האַלטסטו פונם יונגן ראָבערט? ער איז אַן אינטעליגענט, אַרבעטזאַם; ער האָט פאָרלייפיק נישט קיין שום פּאָסטן; דידאָזיקע שטעלע, וואָס איך לייג אים פאָר, וועט אים צונויץ קומען, וועט אים שאַפן פאַרבינדונגען. און איך האַלט, אַז ער וועט זיך אַן עצה געבן.

ס'האָט זיך געשאַפן אַ גינסטיקע לאַגע. איך האָב מיך געמאַכט תמעוואַטע איך האָב אַפילו געפרווט זיך קעגנצושטעלן. דער מאַרקיז האָט אָבער אַלץ פאַרענטפערט און, פאַרלאָזנדיק מיך האָט ער געזאָגט:

— די קענסט דעמדאָזיקן יונג בעסער פון מיר. רעד מיט אים וועגן דעם און זע ער זאָל די שטעלע אָננעמען.

ס'איז געווען האַלב עלף אין אָוונט. מיין האַרץ איז געווען אַזויפיל אָנגעבראויזט, אַז איך האָב נישט געקענט פאַרבלייבן אין פאַלאַץ. איך האָב אַרויפגעכאַפּט דעם שאַל אויף די אַקסלען און אַראָפּגעלאָזן זיך אין שטילן פינסטערן פאַרק. ווי נאָר איך בין אַרויס אינדרויסן, האָב איך תיכף אויפגעהייבן די אויגן. ס'האָט זיך נאָך געלויכטן הינטער די שויבן פון ראָבערטס צימער; ער איז נאָך נישט געשלאָפן. ס'איז מיר פלוצלונג אַריין אַ געדאַנק אין קאָפּ, און תיכף האָט ער מיך באַהערשט: אַריינגיין אין דעמדאָזיקן צימער, זען זיך מיטן טייערן פיינעם קינד, איבערגעבן אים דעם מאַרקיזס פאָרשלאַג און אויספועלן ביי אים אַ הסכמה. איך האָב אָפּגעשטויסן אַלע געדאַנקען וועגן פאַסיגקייט און חרפה. אין אַ רגע אַרום האָב איך געקלאַפּט אין זיין טיר. ער האָט געזאָגט: „אַריין!" מיט אַ צעטומלטער שטימע, מיינענדיק זיכער, אַז ס'איז עפּעס אַ דינער... איך בין אַריין... אָבער קוים אַריבער די שוועל, האָב איך באַמערקט ראָבערטן, זיצנדיק ביי זיין אַרבעט-טיש אין אַן אָפּגעשפּילטער נאַכט-העמד און אין אונטערהויזן. זיין פּנים איז געווען באַלויכטן פון לאָמפּ. מיין מוט האָט מיך פאַרלאָזן. איך האָב בלויז געטראַכט וועגן מיין אומפאַרשעמטן טריט. איך האָב געפילט, אַז די פּאָדלאָגע אַנטלויפט פון אונטער מיינע פיס; מיינע פינגער האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער טיר, און איך וואָלט אומגעפאַלן, ווען ראָבערט וואָלט נישט אונטערגעשפּרונגען און אַריינגעכאַפּט מיך אין זיינע אָרעמס.

אך! דאָס קומען צו זיך נאָכן חלשן! ראָבערט, אויף די קני לעבן מיר האָט געפלאָנטערט זיינע פינגער אין די

אַגראַפֿקעס פֿון מיין גאָרסעט און מיט זיינע בּאַגילטע האָר נאָענט בּיי מיינע ליפּן! עטלעכע רגעס בּין איך פֿאַרבּליבּן אין אזאַ פּאָזע און געלאָזט טאָן מיט זיך, וואָס ער האָט געוואָלט. נאָכדעם האָב איך אַ כאַפּ געטאָן זיין בּלאָנדן קאָפּ, אים גלייך אויפגעהייבּן, אַ קוש געטאָן אין די ציטערנדיקע אויגן, אין דעם האַלבּ=אָפענעם מויל... ווען ער האָט מיר צוריק אָפּגעגעבּן די קושן, האָב איך אים אַריינגעשושקעט אין אויער: „וואָס טראַכט איר איצט וועגן מיר?" ער האָט מיר אָפּגעענטפערט: „איך פֿאַרגעטער אייך, שטויסט מיך נישט אָפּ, איך בּעט אייך!"

אַלזאָ, איך האָב נישט געגעבּן קיין שום ווידערשטאַנד. אַלץ וואָס ער האט געוואָלט האָב איך אים געגעבּן אין דער דאָזיקער געטלעכער נאַכט פֿון ליבּע. די, וואָס צוטיילן זייער ליבּע אויף דאָזעס, גיבּן זיך אָפּ פּאמעלעך — אָט די ווייסן נישט פֿון קיין אמתע ליבּע. צי האָב איך אין די רגעס געוווּסט ווּהין זיינע אויגן קוקן, ווּ זיינע ליפּן האָבּן זיך געלייגט? איך געדענק גאָרנישט, בּלויז, אַז מיין פֿייערדיקער טרוים האָט אויפֿגעלעבּט, אַז ראָבּערט האָט מיך פֿאַרלאַנגט, האָט מיך געליבּט, האָט מיך געהאט... און ערשט דעמאָלט, ווען מיר האָבּן זיך געדאַרפט צעשיידן האָב איך אים איבּערגעגעבּן דעם פֿאָרשלאַג פֿונם מארקיז.

ער האָט אים אָנגענומען אויס ליבּע צו מיר, ער איז מיט אונדז מיטגעפֿאָרן קיין פּאַריז...

און אָט, דערדאָזיקער טרוים דויערט שוין מער פֿון פֿיר חדשים. מיין גליק האָט זיך נישט פֿאַרמינערט און ס'דאַכט זיך מיר, אַז מען האָט מיך כּסדר ליבּ, ראָבּערט און איך וויינען מיר אונטערן זעלבּן דאַך, ווי ס'לעבּן פֿרייע געליבּטע, ווי ס'לעבּט אַ פּאָר=פֿאָלק. איך הער, ווי דו פּראָטעסטירסט. ווי דו בּאַשולדיקסט מיך אין אוממאָראַלישקייט, דו פֿרעגסט דיך, צי איך בּין עס דיזעלבּע, איך, וועלכע האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין געליבּטן, אַפֿילו, בּעת איך האָבּ געהאַט דעם גרעסטן דערפֿאָלג. איך, וועלכע גיבּ מיך אַזוי אָפּ אין מיין אייגן הויז צו אַ מינדעריעריקן יינגל? יאָ דאָס בּין איך: איך

טו עס מיטן פולן געוויסן. איך האָב אַזוי שטאַרק ליב ראַ־בערטן, אז איך בין גרייט צו פאַרהאַסן און מלחמה צו האַלטן מיט דער גאַנצער וועלט! אָבער גאָט צו דאַנקען. איך האָב נאָך קיינעם נישט באַליידיקט און קיינעם נישט פאַרשעמט. מיינע קינדער זענען ווייט פון מיר. בעת איך האָב זיי ליבן זיך, גיב איך זיי גוטע ביישפּילן. מיין מאַן איז אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָר מיין באַשיידענער איבערגעגעבענער פריינט: איך רויב פון אים נישט אַוועק דאָס, וואָס סקומט אים... וואָס שייך מיין ייִנגל, וועמענס געליבטע איך בין, פאַרשאַף איך אים די גרעסטע תענוגים: די ערינערונגען פון אַן אויפריכטיקער אַבסאָלוטער ליבע — ד. ה. מיט וואָס צו דערקוויקן זיין האַרץ אין לעבן, מיט וואָס צוצוגרייטן אַ רעטונגס־אָרט פאַר אַלע זיינע שלעכטע שעהן אין דער צוקונפט...

ניין, איך האָב נישט קיין געוויסן=פּייניקונגען און איך בין אויף זיך אין כעס, וואָס איך האָב ערשט נאָר וואָס גע־זוכט באַרעכטיקונגען.

איך פאַרגעטער אַם, זאָג איך דיר!

# 28 טעג

א בריוו פון דער מאַדאַם קוטעליע
צום מסיע קוטעליע

4 אפריל

אך! מיין טייערער! ווי אומעטיק מיר איז צוזאַמען מיט מיין באָבע, ווי לאַנגווייליק מיר איז, ווי איך דענערוויר מיך! זאָג אַליין, אינגאַנצן צוויי טעג, ווי דו ביזט אוועקגעפאָרן און גאַנצע זעקסאונצוואַנציק טעג דאַרפן מיר נאָך זיין צעשיידט, נאָכמער, זיבנאונצוואַנציק פאַררעכענענדיק דעם טאָג פון דער נסיעה!... די מלוכה טוט באמת נישט קלוג. מען נעמט נישט אַוועק אַ געליבטן מאַן פון זיין קליינער ווייב, דריי חדשים נאָך דער חתונה. און צוליב וואָס טוט מען דאָס, פרעג איך דיך? צו-וואָס דאַרף מען דיך האָבן, דאָרט אין ברעסט, ביי דער אינ-פאַנטעריע, בעת איך פאַרבלייב דאָ, אַליין אין פאַריז? צי איז מחויב אַן ערשטקלאַסיקער באַאמטער אין מיניסטעריום צו מאַכן איבונגען, צו ווערן אָנגעפירט דורך מענטשן, וואָס זענען נישט ווערט אים די שטיוול צו פוצן? די 28 טעג וואלטן מיר שוין אפשר אַזוי פיל נישט אָנגעגאַנגען, ווען דו וואָלסט נאָך געווינט אין ברעטאַניע צוזאַמען מיט דיין מאַמען... אָבער איצט, אַז מען האָט אונדז באַשטימט אין פאַריז?... יאָ, מיין גאָלד, דאָס איז אַ [illegible]ן אַן אַבסורד, און ס'איז גאָר קיין וואונדער נישט, ווען אַ סך מענטשן זענען אומצופרידן מיט דער רעפובליק. יאָ, מכוח דיין לאַנגן פאָטעל, אין דיין קאַבינעט! ער לאַנגווייליקט, דיין לאַנגער פאָטעל. דער פאָטעל האָט עס מיר דערציילט. מיר האָבן זיך נעכטן אַ גאַנצן נאָכמיטאָג צונויפגערעדט... ס'ווילט זיך מיר לאַכן און וויינען, ווען איך קוק אויף אים.

... דיין קאָלעגע סימאָן איז געקומען צו מיר אין געסט. דו האָסט אים, דאַכט זיך מיר, געבעטן ער זאָל מיר אָפּ־שטאַטן אַ פּאָר וויזיטן, בעת דו וועסט נישט זיין, כדי מיך צו מאַכן פריילעך, דערציילן מיר מעשיות פון מיניסטעריום, וועגן וואָס איך וועל דיר שפּעטער געבן צו וויסן. ער איז געווען זייער ליבלעך; ער איז זייער גוט דערצויגן. אָבער איך, הערנדיק רעדן וועגן דער ביוראָ, וועגן די באַאַמטע און וועגן זייער טעטיקייט, — פּונקט ווי דו פלעגסט עס מיר דערציילן — האָב איך מיך נישט געקענט איינהאַלטן און זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוויינט. דער אָרעמער סימאָן האָט נישט געוווסט, וואָס ער זאָל טאָן. איך גלויב נישט ער זאָל אָפּט קומען. דער ערשטער וויזיט איז געווען זייער נישט פריילעך פאַר אים.

זיי געזונט, מיין גאָלד, מיין געליבטע ליבע. דיין ווייב קושט דיך שטאַרק אין די שפּיצן פון דיינע וואָנסעס. זי גייט שלאָפן און וועט זיך באַמיען צו טרוימען וועגן דעם אפּוועזנדן זשאַק.

שאַרלאָט

פּ. ס. — איך האָב באַקומען אַ בריוו פון דיין מאַמען זי וויל זאָלסט קומען צו איר אויף אַ וואָך צייט, ווי נאָר דו וועסט פאַרענדיקן די דינסט! אָבער ניין! ניין! דו וועסט נישט פאָרן!

12 אַפּריל (אַ פראַגמענט)

... איך באַמי מיך צו פאַרטרייבן די שלאָפלאָזיקייט, לייען איך. אָבער דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב נישט שטאַרק ליב צו לייענען. ס'פּיקט מיר דערפון אין די אויגן און אַנט־שלאָפן ווערן קען איך דאָך נישט. חוצדעם, ווען איך באַ־געגן אין בוך מענטשן, וואָס ליבן זיך און קושן זיך, טראַכט איך וועגן אונדז ביידן און איך וויין.

גאָט! צוואָס דאַרף איך אַזאַ ברייטע בעט, אויב דו האָסט מיך באַשטראָפט צו שלאָפן אין איר אַיינע אַליין!

... דיין קאָלעגע סימאָן קומט ווייטער. איצט קומט ער יעדן צווייטן טאָג. איך האָב גרויס פאַרגעניגן צו רעדן מיט אים וועגן דיר. אָבער צווישן אונדז גערעדט, צי האָלסטו נישט, מיין טייערער, אַז ס׳איז אַביסל צו לייכטזיניק פאַר אַ יונגער פרוי, מען זאָל איר מאַכן אַזעלכע אָפטע וויזיטן? נישט אויף מיר איז עס גערעדט געוואָרן! ס׳איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן דער מענטש, וועלכער זאָל מיר צווינגען צו פאַרגעסן אָן מיין זשאַקן. אָבער ער? דערדאָזיקער יונג איז נאָך אַ בחור. ער איז יונג; און איך בין אויך נישט מיאוס, ווי מיינסטו? שוין אַ געוויסע צייט דאַכט זיך מיר, אַז ער קוקט אויף מיר מאָדנע. מער פעלט אונדז נישט, ער זאָל נאָך ווערן אומגליקלעך צוליב אונדז! שרייב מיר וואָס איך זאָל טאָן, וועל איך טאָן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פ. ס. — ס׳גלוסט זיך מיר נישט דיר זאָגן אַן אומאָנגענעמע זאַך; אָבער, באמת, דיין מאַמע איז אַ קלעק. פאַרוואָס זאָל זי צו דיר נישט פאָרן קיין ברעסט? זי וועט דיך קענען אָנקוקן יעדן טאָג נאָך דיינע מיליטער-איבונגען.

שאַרלאָט

---

16 אפריל (א פראגמענט)

... ס׳איז זייער נישט פיין פון דיין זייט, ווען דו זאָגסט מיר: אַלע ווייבער רעדן זיך איין, אַז ווי מען טוט נאָר אַ קוק אויף זיי, איז מען שוין פאַרליבט. איך פאַרזיכער דיר, אַז דיין חבר סימאָן הייבט זיך אָן צו פאַרליבן אין מיר. ס׳איז מיר אַ קנאַפּער חילוק, צי ער פאַרליבט זיך אָדער ניין, אָבער צוואָס זאָל זיך דער בחור אומזיסט פאַרדרייען דעם קאָפּ? צי איז נישט פיל בעסער אים זאָגן אויף זייער אַן העפלעכן אופן, ער זאָל זיך געזונטערהייט פאַרבלייבן אין זיין מיניסטער-יום? ענדלעך, טו, ווי דו ווילסט!

איך לייד כסדר פון שלאָפלאָזיקייט און פון נערוון-אַטאַקעס. איך האָב פאַרלוירן דעם אַפּעטיט. צו קיין זאַך האָב

איך קיין חשק נישט. ס׳איז מיר זייער לאַנגווייליק אין שטוב און דאָך קען איך מיך נישט באַשליסן אַרויסצוגיין ערגעץ־ווּ. אך! קום וואָס שנעלער, מיין טייערער! איך וויל דיך האָבן לעבן זיך!... אויב נאָך דיינסט, וועסטו פאַרברענגען אַ וואָך צייט ביי דיין מוטער, איז קומענדיק קיין פאַריז, געפינסטו שוין נישט מער דיין קליינער שאַרלאָט. איך וויל שוין זיין טויט, איך וועל שטאַרבן פון דאגה. אַלזאָ, דו פאַרשטייסט אז דו דאַרפסט נישט פאָרן צו דיין מאַמען. דו זאָגסט עס מיר צו?

. . : . , . . ; . . . . . . . , . . . .

---

17 אַפּריל

איך בעט דיך מיט די פּאָר ווערטער, זאָלסט מיר דערלויבן משלח זיין דיין קאָלעגע סימאָן. איך אייל מיך דיר אָנצוזאָגן, אַז ער האָט זיך קיינמאָל גאָרנישט דערלויבט בנוגע מיר. אָבער זיינע אויגן שרעקן מיך. מיר דאַכט זיך כסדר, אַז ער באַטראַכט יעפּעס. ווען ער איז מיט מיר אין עס־צימער לאָז איך די טיר אַביסל אָפן און בעט דער באָנע זי זאָל אַכטונג געבן.

דיין שאַרלאָט

22 אַפּריל (אַ פראַגמענט

... דאָרט, פאַרשטייט זיך, נישט אמת? און דו ביזט שוין מער נישט ברוגז דערפאַר, וואָס איך האָב דריי טעג נישט געשריבן? ווען דו וואָלסט וויסן ווי אומגליקלעך איך בין געווען במשך פון די דריי טעג, מיין טייערער פריינט!... ס׳איז געווען זייער אַ שלעכטער וועטער, ס׳איז געווען, איך ווייס אַליין נישט וואָס... איך האָב געוויינט, איך האָב מיך נישט געקענט באַשליסן דיר צו שרייבן.

קום שנעל, מיין טייערער! מיר וועלן נאָך גענוג גליקלעך זיין צוזאַמען, אַ ווי מיינסטו? שרייב מיר אין דיין נעכסטן

בריוו, צי מיר וועלן נאָך זיין אַזוי גליקלעך, ווי פאר די 28 טעג?...

טויזנט קושן פון דיין

שאַרלאָט

פּ. ס. — איך האָב געהערט דער גאַנצע צען פראַנק אַ חודש. די געדענקסט דאָך מסתּם, אַז מיר האָבן דערפון געריידט דער פאַבריקן חורש. זי האָט דאָ מיר ארויסגעוויזן איר גרויס איבערגעבנקייט. זי איז אַ וווּיל מיידל. צי האָב איך גוט געטאָן, זאָג?

---

27 אַפּריל (אַ פראַגמענט)

... נאָך אַ בריוו פון דיין מוטער. די אָרעמע פרוי וויל דיך דורכאויס האָבן אויף אַ וואָך צייט „פאַר איר טויט", שרייבט זי. איר בריוו האָט מיך, באמת, גערירט. איך האָב פיל געליטן פון דיין אפּוועזנהייט, אַז מיר איז איצט פאַר־פאַרשטענדלעך פאַרוואָס זי ליידט, ווען זי האָט דיך אַזוי לאַנג נישט געזען... טו ווי דו פאַרשטייסט, מיין טייערער, איך וויל נישט האָבן קיין געוויסן־יסורים אין פאַל ווען זי וועט שטאַרבן, וואָס איך האָב נישט דערלאָזט דו זאָלסט פאָרן צו איר.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

נו, יאָ! צי ביזטו צופרידן? דו ביזט געווען גערעכט. דיין קאָלעגע סימאָן איז נישט געווען פאַרליבט אין מיר. ער האָט זיך פאַר מיר אפילו מודה געווען, אַז ער טראַכט חתונה האָבן; אָט דערפון טראַכט ער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

---

4 מאַי (אַ פראַגמענט)

... איבעריקנס, פיל איך מיך איצט בעסער. איצט, ווען

איך ווייס, אַז דו געפינסט דיך ביי דיין מוטער, בין איך פארשטייסטו, רויקער. ווען דו ביזט געווען אין ברעסט, האָב איך געטראַכט וועגן די אָוונטן אין דערדאָזיקער גרויסער שטאָט, פול מיט ברואים, מיט חברים, וואָס שלעפן אייך אַוועק, אין קענענדיק גוט מיין ווילן זשאַק, האָב איך מיך פאָרגעשטעלט שרעקלעכע זאַכן, און איך בין געווען אייפערזיכטיק. אין דאָרף מיט דיין מאַמען, דאָס באַרויקט מיך. איך וואָלט שוין בעסער געוואָלט זאָלסט פאַרלענגערן דיין וויזיט ביי דער מאַמען, איידער דו זאָלסט מיך דאַרפן פאַרלאָזן, פאָרנדיק צו איר איינגיכן אַ צווייטן מאָל.

אַדיע טייערער, טייערער. טו אַ קוש דיין גוטע מאמע פאַר מיר און טראַכט וועגן דיין קליינער ווייב, וואָס פאַרגעטערט דיך.

שאַרלאָט

פ, ס. — דו מאַכסט מיר פאָרוווּרפן וואָס איך שרייב דיר מער נישט פון דיין קאָלעגע סימאָן. מיין גאָט, פאַרוואָס אינטערעסירט ער דיך אַזוי, דיין קאָלעגע סימאָן! אַלזאָ, ער פילט זיך זייער גוט, דיין קאָלעגע סימאָן. איך זע אים פון צייט צו צייט, אָבער נישט אַזוי אָפט ווי פריער. און איך האָב געקענט מיינען, אַז ער איז געווען פאַרליבט אין מיר! צי בין איך געווען משוגע!... רעד עס נישט איבער פאַר דיין מוטער, זאָג מיין טייערער?

# דער אויסוואל פון א געליבטן

א בריוו פון דער מאדאם קוזנעצין ד' עסטוי-
ליאק צו דער מאדאם לואיזע דע שארעל

אין עטלעכע פיינע ווערטער פרעגסטו ביי מיר אן עצה, מיין טייערע פלעמעניצע. דו שרייבסט מיר, אז נאך צען חדשים צוזאמענלעבן מיט דיין מאן, האסטו נישט דעם מינדסטן פארגעניגן פון פארהייראטן לעבן, אז דו וואלסט דעריבער גערן זיך געוואלט נעמען א געליבטן. אבער אזוי ווי אונטער דיין פריזירטן קאפ געפינט זיך א מארך פון אן ערנסטער פרוי, ווילט זיך דיר נישט סתם אין דער וועלט אריין כאפן א גע-ליבטן פון צווישן דיינע מחנות פארהערער. דו האסט זיך גראד דערמאנט, אז דיין אלטע מומע, וועלכע האט דיך דער-צויגן, האט זיך בארימט געמאכט מיט איר דערפארונג אויף דעמדאזיקן געביט, שילדערסטו איר דעריבער דעם גאנצן ענין און בעטסט ביי איר אן עצה.

אך, מיין פייגעלע, ווי שטארק איך בין גערירט פון דיין אויפמערקזאמקייט! פון היינט אינדערפרי, פון דער צייט אן, ווען דער בריוו-טרעגער האט מיר געבראכט דיין בריוו, אין מיין פאראיינזאמטן ד'עסטיליאק — פיל איך, אז איך בין יינ-גער און פריילעכער געווארן. ס'דאכט זיך מיר נאך, אז דו געפינסט זיך לעבן מיר, דיינע אכצן יאר באפוצן און באלעבן מיינע 75 יאר, פונקט ווי ווילדע וויינשטאקן מאכן שמייכלען אן אלטע אפגעקראכענע וואנט, אנהענגענדיק זיך אן אירע שטיי-נער... אין די הערצער פון די אלטע אויסגעדינטע אפיצירן דערוועקט זיך דער קריגערישער ברען, ווען זיי זעען רעקרוטן

מאַרשירן. און פאַר מיר איז נישטאָ קיין שום אנגענעמערע זאַך, ווי צוצוקוקן זיך, ווי יונגע לייט ליבן זיך גראָד איצט, ווען די נאַטור האָט אָפּגענומען ביי מיר אַלע מעגלעכקייטן צו ליבן.

אַלזאָ, מיין טייערינקע, דו האלטסט אין קלויבן אַ געליבטן און ווילסט דער אויסוואַל זאָל זיין אַ באַוווסטזיניקער. אַ ריכטיקער שטאַנד=פונקט! איך פאַרשטיי בכלל נישט, פאַרוואָס אויפן אויסוואַל פון אַ געליבטן לייגט מען ווייניקער אכט, ווי אויפן אויסוואַל פון אַ מאַן. און ס'איז דאָך אַ באַוווסטע זאַך, אַז אַ מאַן נעמט מען פאַר דער גאַנצער וועלט, בעת אַ געליבטן — בלויז פאַר זיך אַליין. דער ערשטער איז דעקאָראַציע=מעבל, דער צווייטער איז, מעבל צום פאַרברויך. איז דאָך גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אַ געליבטן דאַרף מען זיך פריער צוקלויבן ווי אַ מאַן, ער זאָל זיין עלעגאַנט, באַקוועם און גלייכצייטיק סאָליד.

אָבער דיין פאַל איז, לויט דיינע ווערטער, שווער דערמיט, וואָס צווישן אַלע דריי בעלנים אויף דיין לינקער האַנט, געפינט זיך נישט קיין איינער, וואָס זאָל זיך מיט עפּעס אַזוינס אויסצייכענען פון די אַנדערע. דאָך האָסטו אויסגעווילט בלויז דריי, נישט מער און נישט ווייניקער, וועלכע דו רופסט אָן דריי מושקאַטערן און וועלכע וואַרטן אויף דיין באַפעל, כדי אויפצופּעפענען אַ שטאַרקן פייער... אַלע דריי זענען פאַר דיר צו דערליידן; אין קיינעם ביזטו נישט פאַרליבט איבער די אויערן; יעדערער פון זיי האָט זיך זיין באַזונדערע מעלה, וועלכע געפעלט דיר: דאָס ביי דעם און דאָס ביי יענעם. דער באַנקיר מאָאיס קרעמער איז שוין נישט זייער יונג און נישט צו עלעגאַנט; אָבער דערפאר גייט ער אויס פאַר דיר; זיין הומאָר קאָן קיינער נישט פארבייטן און זיין ליבע איז ממש נישט צו באַשרייבן... דער באַראָן זשאַן דע קערגען האָט אין זיך די נשמה=אויפריכטיקייט, די גראַציע און קראַפט, כמעט פון אַ בחור אין עלטער פון 23 יאָר; צום אומגליק פאַריייניקט זיך ביי אים אַ לאַנגזאַמקייט מיט אַ פאַרדעכטיקער עקשנות... ענדלעך,

דער גלענצנסטער פון אַלע דריי מושקאַטערן איז דער מאַלער העקטאָר סאַקרעסט, אַ שיינער יונגערטאַן, עלעגאַנט, קלוג, כמעט באַרימט אָבער אַ שרעקלעכער דרייקאָפּ, ווערט פארכאַפּט פאַרן קליידל און איז אָפּגעמאַטערט פון זיין צעניאָריקן לוסטיקן לעבן.

אלזאָ, וועלכן אויסקלויבן?...

איך אייל מיך, מיין טייערינקע, דיר אָפּצוענטפערן. צו-ערשט, לאָז נישט אַרויס פון די הענט דעם באַראָן קערגען. אמת טאַקע, שכל און שאַרפזין זענען צוויי נויטווענדיקע מעלות אויף גוט צו פאַרברענגען די צייט, אָבער קיינער וועט מיך נישט איבערצייגן אַז אַ געליבטער מוז קודם כל ליבן. איינע מיינע אַ חברטע פון די יוגנט-יאָרן, (געשטאָרבן מיט פופצן יאָר צוריק), פלעגט תמיד טענען: איך האָב זייער ליב צו עסן טשאַסטעס און צוקערלעך, אָבער איך וויל זיין זיכער מיטן מיטאָג". אָבער דאָס מיטאָג פון ליבע איז צוגעגרייט און סערווירט בלויז פאַר אַ יונגן געליבטן, וועלכער איז תמיד גרייט צו די קאַפּ-ריזן פון זיין געליבטער און אפילו זיי איבערצושטייגן. מיט אַזעלכע לייט לאַנגווייליקט מען זיך זייער זעלטן, בפרט, אַז מען דאַרף זייער ווייניק שמועסן. אונדזערע אבות האָבן עס אין זייער צייט זייער גוט פאַרשטאַנען.

אָבער איך הער שוין דיין תשובה.

מען קען דאָך נישט זיין טויב און שטום און תמיד באַ-נוגענען זיך מיט אַ שמועס פון באַוועגונגען. וואָס טוט מען בעת אַן אַנטראַקט, אויב אַ געליבטער האָט קיין שכל נישט? איך מעג טויזנט מאָל זיין זיכער מיט זשאַנס קושן, אָבער דאָך וועל איך תמיד בענקען נאָך די געזאַלצענע וויצן פונם מאָלער העקטאָר סאַקרעסט.

עך, לואיזעט! ווער שטערט דיר דען צו פאָדערן ביי העקטאָר סאַק-עסט דאָס, וואָס ער קען דיר געבן, ד. ה. די פאַרווײלונג פון זיין גייסט? בעת דער אָרנטלעכער זשאַן דע-קערגען וועט האָבן אָפּגעשפּילט זיין קליינע בראַווע ראָלע, דאַרפסטו אים העפלעך אַרויסשטופּן הינטער דער טיר און באַשטי-מען אים אַ ראַנדעוווּ אויף מאָרגן, איבערמאָרגן, אויב זיין מוזיק

איז דיר צוגעגעסן געוואָרן... דעמאָלט וועסטו טאָן אַ ווונק צו העקטאָר סאַקרעט, וועלכער וועט תיכּף קומען צולויפן און וועט אויסלייגן פאַר דיר דעם גאַנצן רייץ פון זיין פאַנטאַזיע... דו שמייכלסט ?... איך פאַרשטיי, וואָס דו ווילסט זאגן. דו זאָגסט אַזוי:

— „גוט, העקטאָר וועט זיכער קומען און וועט זיין רייצנד... אָבער חוצדעם וואָס ער איז אַ לעבע-יונג, אַן אַרטיסט, איז ער דאָך אויך זייער אַ פּראַקטישער מענטש; און איך וואָלט מיך געוווּנדערט, אַז ער זאָל וועלן פטרן די צייט און גאָרנישט באַקומען פון מיר... ער וועט, פאַרשטייט זיך, צו-שטיין צו מיר; איך וועל אים אָפּזאָגן; ער וועט דעמאָלט אוועקגיין און איך וועל ווידער בלייבן אין דער געזעלשאַפט פון זשאַנען"...

אַ ריכטיקע קאָפּ-פאַרדרייעניש! אָבער פאַרוואָס זאָלסטו אים אָפּזאָגן, איך בעט דיך? צי איז עס נישט דיין פליכט, דאָס יונגל זאָל באַלוינט ווערן פאַר זיין צייט און פאַר זיין מי?

אָבער דו וועסט דאָך זאָגן, אַז דערמיט מוזטו פאַרראַטן דעם אָרימען זשאַן! — ס'איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז דו דאַרפסט אים פאַרראַטן, און דאָס איז זיין שולד; פאַרוואָס האָט ער קיין שכל נישט? באַכמער, אַזוי ווי דער מאָלער איז שטאַרק אָפּגעמאַטערט פון לעבן, איז ער, אָן ספק, שוין נישט געפּער-לעך און איך האָף, אַז דו וועסט נישט ליידן דערפון, וואָס דו וועסט פון צייט צו צייט צוגעבן אַ האָרן צום באַראָנס פריזור. דיין אומטרייקייט וועט זיך אויסדריקן אין עטלעכע שיינע צאַרטע פאַנטאַזיעס. און אמת גערעדט, איז דאָרט בכלל נישטאָ קיין אומטרייקייט.

און אָט, מיין טייערינקע, האָסטו דיך איינגעשאַפט אַ געליבטן און דערדאָזיקער געליבטער האָט זיך אַליין איינגעשאַפט אַ... שטעלפאַרטרעטער. צי ביזטו צופרידן? ניין. איך זע, ווי דו ביסט אין ספק, אין באַצוג צום אויסוואַל פון אַ שטעלפאַרטרעטער. דו טענהסט:

— „אויב איך דאַרף שוין פאַרראַטן מיין אָרעמען זשאַן, טאָ זאָל איך עס אפשר שוין בעסער מאַכן מיט קרעמערן?

קרעמער איז דאָך אַזוי גרויסמוטיק, אַזוי געדולדיק, האָט דאָך מיך אַזוי ליב, ער גיט מיר נאָך אַלע מיינע קאַפּריזן... ער וועט קאָנען זיין מיין בעסטער פריינט, אין די טעג, ווען מיינע נערוון..."

און די ביזט שוין גרייט, פיקס און פערטיק אַוועקצוגעבן העקטאָרן פאַרן באַנקיר. האַלט דיך אָפּ, מיין טייערע, די זאָלסט נישט אָפּטאָן דידאָזיקע נאַרישקייט: עלעגאַנטע און קלוגע מענטשן זעגען איצט אַ יקר-המציאות און דער מאָלער וועט דיך ווילן מיט אַזויפיל שיינע זאַכן, וואָס נישט דער באַראָן און נישט דער באַנקיר קרעמער זענען דיר אימשטאַנד צו געבן.

— „אַלזאָ, וועל איך מוזן משלח זיין קרעמערן?"

ווער זאָגט עס דיר? ... ס'הייבט זיך גאָרנישט אָן!... ס'איז זייער אַנגענעם צו האָבן אַ זיכערן פריינט, אַן איבערגעגעבענעם, וועלכער דערליידיקט דיינע קלייניקייטן, וועלכער היט דיך אָפּ, ווי אַ הונט; ס'איז אויך זייער אַנגענעם, ווען מען גייט פאַרביי לעבן די שוי-פענסטערס פון עפּעס אַ יוּוועלער און מען האָט די מעגלעכקייטן נישט אָפּצוזאָגן דעם חשק אין די שיינע זאַכן וואָס מען זעט... היט קרעמערן, טייער קינד, און פון צייט צו צייט, נישט אָפט, וואַרף אים צו אַביינדל, אַזוי אַז זיין גרעסטער פאַרגעניגן זאָל באַשטיין אין דעם, אַז ער זאָל זיך תמיד רייסן צו באַפרידיקן דיינע פאַנטאַזיעס.

שטעלסטו דאָך ווידער אַ שאלה:

— „דאָס אַלץ איז גוט, איך האָב מיר מיינע דריי געליבטע. מיר איז גוט און איך בין שטאַרק צופרידן. אָבער, זיי — צי וועלן זיי אויך זיין צופרידן? איך וועל בשום אופן נישט קאָנען זיי אַלע דריי באַפרידיקן. אויב אַזוי, צי ריזיקיר איך דען נישט צו פאַרלירן זיי אַלע צוזאַמען, דערפאַר ווייל איך האָב מיט קיין איינעם אפילו נישט געוואָלט מקריב זיין?"

ס'איז אמת, מיין טייערע, אַז ס'וואָלט זיך דיר נישט געוואָלט צופיל אָפּנאַרן. אין ליבע דאַרף מען אָפּנאַרן, אָבער מיט מאָס און מיט שכל. דיין גאַנץ אויפפירונג ביי דעמדאָזיקן ענין, קאָן ווערן אויסגעדריקט אין צוויי שורות: —

דער געליבטער, וועלכן די פרוי האָט צום

שטארקסטן ליב, דארף צום מערסטן ווערן אָפּגעענאַרט. למשל, פון דיינע אַלע דריי געליבטע איז גאַנץ קלאָר, אַז דעם באַראָן קערגען האָסטו ליב מער פון אַלע; אָבער דער באַראָן דאַרף פון דיינע פּלענער נישט וויסן, ווייל אַזוי ווי דו האָסט אים ליב, ווילסטו ער זאָל האָבן וועגן דיר די בעסטע מיינונג; און אין בין זיכער, אַז דיר וועט געלינגען אים איבערצייגן. וואָס שייך די אַנדערע צוויי — דאַרפן זיי זיין געוואָרנט, אַז זשאַן איז דיינער אַ געליבטער. אַלזאָ, וועלן זיי האָבן די פרייד, צוצוגנבעגען זיין געליבטע און דאָס וועט שמייכלען זייער פּוסטע גאווה. זיי וועלן זיך נישט וווּנדערן, אויב דו וועסט פאָדערן פון זיי דיסקרעציע און זיי וועט גאָרנישט איינפאַלן עפּעס צו דאכטן אייבער וועגן צווייטן. צי איז דען דאָ אַ לייכטערע זאַך, ביי דידאָזיקע באַדינגונגען כדי אָנצופירן מיט אַלע דריי?...

— „מומע — שרייסטו — אייערע עצות זענען נישט מאָראַליש!

נו, איז וואָס? מיין קליינע! אָבער איצט וועסטו שוין פאַרשטיין? אַלזאָ, ס'איז נישט מאָראַליש צו האָבן דריי געליבטע, אָבער צי איז דען מאָראַליש צו האָבן בלויז איינעם?

גלויב מיר, ס'עקזיסטירט בלויז איין אופן, ווי אַזוי אַ פרוי קאָן זיין אָרנטלעך. די עצה איז — צו האַלטן זיך ביי איר אייגענעם מאַן...

צום סוף פון מיין בריוו שרייב איך דיר, אַז כ'קלער נאָך אַרום. פונדעסטוועגן אַ פּלאַן פון אַ פּאַרטן געליבטן פאַר דיר, אַדאַנק וועלכן דו זאָלסט שפּעטער קאָנען אָפּשלאָגן כּפּרות מיט אַלע דריי...

---

## צוויי אומשולדיקע

אין באַרימטן פּענסיאָן פון ווערנאָן, בעת אַן הפסקה אין מיטן טאָג. צוויי שילערינס פון די העכערע קלאַסן, געגאַרטלט מיט רויטע פּאַסן, האָבן פאַרלאָזן דעם פּאַרק, אַריין צוריק אין לערן־זאַל, דערקלערנדיק פאַר דער קלאַסן־דאַמע, אַז זיי גייען שרייבן בריוו צו זייערע עלטערן.

איצט זיצן זיי ביידע, איינע לעבן דער צווייטער אין גרויסן, פּוסטן זאַל, אָנגעלענט מיט די עלנבויגנס אויף די בענקלעך און שמועסן.

ביידע זענען בלאָנדינקעס. ביידע זענען שיין, אָבער ביידע זענען אויף אַן אַנדער אופן בלאָנד. ליסיל איז הויך, צאַרט, עטוואָס בלאַס; אירע אויגן גרוי־בלוי, אירע האָר, פון אַש־קאָליר, אויס־געמישט מיט גאָלד־שטויב! איר אויסזען איז אַן ענגלישער.

אַ פרילינג־וואַרעמקייט. די ליליען־ריחות פון פּאַרק, דרינגען אַריין דורך די אָפענע פענסטער פון זאַל.

זשילעט איז קליין, דיק, גרינע אויגן, אַ רויטלעכער נאַקען, האַסטיקע באַוועגונגען.

זשילעט — איך זאָג דיר, אַז דעם בריוו פון מאַר־גערעטן קאָנען מיר נאָך באַקומען היינטיקן נאָכמיטאָג. טו נאָר אַ רעכן: זי האָט חתונה געהאַט מאָנטיק; אינם זעלבן אָוונט איז זי אַוועקגעפאָרן קיין ניצע, זי איז אָהינגעקומען דינסטיק

דריי אַ זייגער; מיטוואָך אינדערפרי, האָט זי שוין געהאַט פאַר־בראַכט מיט איר מאַן 24 שעה. לויטן שכל האָט זי אונדז גע־דאַרפט שרייבן מיטוואָך אינדערפרי; דער בריוו איז אַלזאָ אָנ־געקומען דאָנערשטיק אין אָוונט קיין ווערנאָן. אַליסע לעטעליע, וועלכע וווינט נישט אין פּענסיאָן, די קליינע שילעריין, מיט די שיינע שוואַרצע אויגן, וועט אָפּטרעטן אויף דער פּאָסט מיט איר באָנע, קומענדיק פון פרישטיק. אויב ס'וועט זיין אַ בריוו מיט די אָנגעוויזענע איניציאַלן, וועט זי אים תיכף ברענגען, איידער ס'הייבן זיך אָן די לעקציעס.

ליסיל (פאַרטראַכט) — דו ביזט גערעכט. איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז היינט איז פרייטיק.

זשיליעט (צעחושט) — אַך, איך וואָלט שוין געוואָלט באַ־קומען דעם בריוו!.. וואָלט כאָטש מאַרגעריט אונדז וועגן אַלץ געשריבן... דאָס איז אַזוי שווער צו באַגרייפן, אַפילו דערוואַק־סענע קענען נישט וויסן, וויאַזוי דאָס קומט פאָר...

ליסיל — דו האַלסט, אַז קיינער ווייס נישט!..

זשיליעט — נו, געוויס! קיינער וויל נישט אויסזאָגן... און אַז עס געפינען זיך אַזעלכע, וואָס ווייסן דערפון, טאָ פאַר־וואָס זאָלן זיי אונדז נישט דערציילן? איך פאַרזיכער דיר, אַז אויב איך וואָלט דערפון געוווסט, וואָלט איך אַלעמען אַלץ אויס־געזאָגט. און דו?

ליסיל — פאַרשטייט זיך, אַז איך אויך...

(אַ שטילקייט. ביידע טראַכטן)

זשילעט (שטיל) — און דו האָסט דערפון קיין שום באַגריף נישט, האַ, ליסיל?

ליסיל — אַך, מיין גאָט, ניין!... איך מוז דיר זאָגן, אַז איך טראַכט דערפון זייער ווייניק. צוואָס זאָלן מיר זיך ברעכן דעם קאָפּ, כּדי צו פאַרשטיין אַ זאַך, וואָס מיר וועלן זיך מוזן דערוויסן אין אַ צוויי, דריי יאָר אַרום?

זשיליעט — דו ביזט נישט נייגעריק... אַלזאָ, דו וועסט חתונה האָבן נישט וויסנדיק פון קיין זאַך, ווי אַ בלינדע. אָבער

איך וויל פון אלץ וויסן. (מיט א ביסל גאווה) איבעריקנס, ווען א סך קליינינקייטן ווייס איך שוין!

ליסיל — באמת, וואס ווייסטו?...

זשיליעט — אך! צוואס זאל איך דיר דערציילן, ווען דו טענהסט, אז דו ביזט נישט נייגעריק צו וויסן?

ליסיל (ארומגעטענדיג זשיליעטן) — נארעלע! ס'אינטערעסירט מיך, דווקא... איך בין אבער דענערווירט, וואס איך קאן נישט פארשטיין... דעריבער וויל איך בעסער טראכטן פון אנדערע זאכן. נו, זאג מיר שוין, וואס דו ווייסט.

זשיליעט — אלזא... (ווי איז רויט געווארן) ס'פאסט נישט צו רעדן דערפון... און אויסער דעם, בין איך גארנישט זיכער... און ענדלעך, צי ווערסטו נישט חוזק מאכן פון מיר, אויב מיר וועלן זען אין מארגעריטס בריוו, אז מיינע ווערטער זענען נישט ריכטיק?

ליסיל (פאראינטערעסירט): ניין, זיכער, נישט, טייערע! (ביידע מיידלעך דערנענטערן זיך, ליסיל לייגט ארויף א האנט אויף זשיליעטס האלדז. גשיליעט, פערוויטלט רעדט גאנץ שטיל, קוקנדיק אויף דער ערד. ליסיל'ס רוי-כלויע אייגן פינקלען.)

זשיליעט — אלזא... אלזא... צוערשט ווייס איך, אז דידאזיקע זאך מוז אבגעטאן ווערן ביינאכט...

ליסיל — פארוואס?

זשיליעט — איך ווייס נישט פארוואס. אבער איך ווייס אויך זיכער, אז דאס קאן מען נישט בייטאג. דו האסט באמערקט, ווי מען זאגט תמיד: א „חופה-נאכט" און קיינמאל נישט א „פרימארגן" און דאך האט מען התונה אינדערפרי, פונקט ווי מארגעריט!... ווער שטערט זיי צו טאן... דאס, וואס מיר ווייסן נישט... באלד... נאך דער סצענע?... אויך אין די ראמאנען, אין די אפערעס. אין די ביכער זאגט מען תמיד: „א נאכט פון ליבע" און קיינמאל נישט: „א טאג פון ליבע", אדער „א פרימארגן פון ליבע".

ליסיל (אן איבערגעצייגטע) — אמת.

ז ש י ל י ע ט (פֿעסטער פֿיי זיך פֿון דערדאָזיקער איינשטימונג דערציילט װײטער מיט זיכערקייט) — איצט ווייס איך אויך, אַז מען מוז זיך אויסטאָן בײַם ליגן...

ל י ס י ל (באַאומרויִקט) — אויסטאָן? אינגאַנצן?

ז ש י ל י ע ט — אָך, ניין. אין העמד. דו האָסט דאָך געזען די העמדער אין מאַרגעריטס אויסשטײַער. איין העמד האָט זי מיר געוויזן שענער פֿון אַלע אַנדערע: געפּאַלבט, גע=פּוצט אינדערהויך. און זי האָט צו מיר געזאָגט: „דאָס איז מײַן חופּה־העמד"... ווען מען זאָל עס נישט דאַרפֿן האָבן צו אַזאַ מאָמענט, וואָלט מען דאָך עס נישט געמאַכט אַזוי שיין, דו פֿאַרשטייסט?

ליסיל — און דאָס וואָלט דאָך געווען שרעקלעך... ליגן אין בעט לעבן אַ מאַנסביל, אין אַ העמד! (זי פֿאַרשטעקט איר קאָפּ אין זשילעטס ברוסט... אַ נערוועזער געלעכטער, קושן א. א. וו.)

ל י ס י ל — און ווייטער?

ז ש י ל י ע ט — און נאָכדעם דאַרף מען האָבן מעליאַס־וואַסער. איך קען, למשל, בשום אופֿן נישט פֿאַרשטיין צו וואָס מען דאַרף מעליאַס, אָבער אַזוי איז עס. אינם טאָג פֿון מאַר־געריטס חתונה, האָב איך געהערט, ווי איר מאַמע זאָגט צו דער מומען: „פֿאַרגעס נישט מעליאַס־וואַסער צום געברויך פֿאַר דער קליינער!" די מומע האָט איר אָפּגעענטפֿערט: „איך ווייס דער=פֿון, מײַן טײַערע! איך וועל צוגרייטן צוויי פֿלעשער". און זיי האָבן זיך ביידע געוואָרפֿן אין די אָרעמס און זיך פֿאַנאַנדער=געוויינט. (שטילשווײַגן)

ל י ס י ל (וואַקלענדיק זיך) — אָבער ווען מען איז אויסגעטאָן און מען ליגט מיטן מאַן דאַרף דאָך עפּעס פֿאָרקומען... אָט, דאָס איז וויכטיק צו וויסן...

ז ש י ל י ע ט — אָך, אָט דאָס... ווייס איך נישט. דער מאַן קושט, מסתּם, גלעט... (שטילשווייגן) צי האָט זיך דיר אַמאָל גע־חלומט, אַז דו וועסט אַמאָל שלאָפֿן מיט אַ מאַנסביל?

ל י ס י ל (פֿאַרוויגלט) — יאָ, איינמאָל.

ז ש י ל י ע ט — מיט וועמען?...

ל י ס י ל — אַך! דו קענסט אים נישט... און דאַן איז עס געווען אַן אַבסורד, א קאָשמאַר, איך בין געווען צעפּרידן, ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט.

ז ש י ל י ע ט — זאָג מיר מיט וועמען, טייערע ליסיל... איך בעט דיך... איך וועל דיר נאָכדעם עפּעס אויך דערציילן.

ל י ס י ל — גוט... (וואַקלט זיך) דאָס איז געווען... געווען מיט אַ בעדער!

זשילי֫עט (דערשטוינט) — וואָס? אַ בעדער?

ל י ס י ל — יאָ, אַ בעדער פון קאַבורג... א הויכער בעדערך אַן אלטער, א גרייז-גרויער, פון אַ יאָר פופציק... ער האָט מי, געלערנט שווימען; כדי איך זאָל מיך האַלטן אויפן וואַסער-האָט ער אויסגעשפּרייט מיין האנט אונטער מיין טאַליע. נאָכן דעם ביינאַכט, האָט זיך מיר איינמאָל געחלומט, אַז מיר זענען צוזאַמען געשלאָפן... ס'איז געווען שרעקלעך... (שטילשווייגן) אוז דו? מיט וועמען האָט זיך דיר געחלומט? איך בין זיכער, אַז מיט דיין קוזין אַרני, וועלכער האָט זיך געדרייט אַרום דיר בעת די וואַקאציעס.

ז ש י ל י ע ט (טרייסט זיך) — אַך, ניין! ס'אַראַ נאַר דו ביזט! דאָס איז געוועזן מיטן „קאָניוך״, מיט אַ צירק-רייטער פון זו=מער-צירק... אָבער דו קענסט דיר גאָרנישט פאָרשטעלן ס'אַראַ שיינער „קאָניוך״ דאָס איז געווען. ער האָט געהייסן דזשימס=דזשימס. ער האָט געהאַט, שיינע, שוואַרצע האָר. פערקעמט מיט אַ שרינט, אַ פרעכטיקן אויסזען, שווארצע פיינע אויגן, וואָנסעס... מען האָט געקאָנט מיינען, אַז אויף זיין גאַנצן קער־פּער האָט ער געטראָגן בלויז אַ פּאָר קורצע סאַמעטענע היי=זעלעך. אזוי אַנטפּלעקט איז געווען זיין לייב... ער איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן; אָבער איך האָב נישט געהאַט די דרייסטקייט אויף אים שטאַרק צו קוקן... ווייל ער האָט געהאט אַ נאַקעטן אויסזען.

ל י ס י ל — און ביינאַכט האָט זיך דיר געחלומט, אַז דו ביזט געשלאָפן מיט אים„?

ז ש י ל י ע ט — יאָ.

ל י ס י ל — נו, איז עס נישט שוידערהאַפט?

ז ש י ל י ע ט (גאַנץ פשוט) — איך בין דערויף נישט מסכּים (שטילשווייג)

ל י ס י ל — צו האַלסטו נישט, אַז ס׳איז מיאוס צו רעדן װעגן אַזעלכע זאַכן?

ז ש י ל י ע ט (צוקט מיט די אַקסלען) — מיאוס... ניין... ווי קאָן עס זיין מיאוס, ווען ס׳האַנדלט זיך דאָ װעגן חתונה האָבן און דער סוף וועט זיין, אַז מיר וועלן אויך חתונה האָבן. איבעריקנס, איז עס מיר אַלץ איינס. דער גלח פון דאַנען, פאַר וועמען מיר זענען זיך מתוודה, איז טויב ווי די וואַנט. מען קען אים אָנ־דערציילן, וואָס מען וויל. אַנדערש איז מיטן יונגן גלח פון סען־וועגסאַן אין רואַן, וועלכער האָט אונדז מתוודה געווען בעת די וואַקאַציעס. אַך, יענער לאָזט נישט דורך קיין איינציק וואָרט... ער זאָגט מוסר! איך האָב אַפילו נישט געטראַכט זיך מתוודה צו זיין, אַזוי האָב איך מיך געשראָקן.

ל י ס ל — שאַ! אָט גייט די קליינע אַליסע. (די קליינע אַלי־סע, אַ מיידעלע פון צוועלף יאָר, מיט אַ בלויען גאַרטל, ווערט זייער פריינדלעך אויפגענומען דורך ביידע מיידלעך. מען קושט זי, מען נעמט זי אויף די קני מען באַגייט זיך מיט איר, ווי מיט אַ ליאַלקע).

— און דער בריוו, קליינע? — פרעגט זשיליעט?

(די קליינע אַליסא מעלדעט, אַז זי האָט אַ בריוו. זי ציט אים אַרויס פון קע־שענע און דערלאַנגט אים. מען שיקט דאָס מיידעלע אַוועק, געבנדיק עס אַ פּאָר שטאַרקע קושן און אַ טצוועלע שאָקאָלאַד).

ז ש י ל י ע ט — (ערנסט, אויפרייסנדיג דעם קאָנווערט) ענדלעך, וועלן מיר וויסן... ס׳איז אפשר נאַריש, אָבער איך בין שטאַרק אויפגערעגט! (אויפעפענענדיק דעם בריוו) פיר זייטלעך! (ביידע מיד־לעך לעזן גלייכצייטיק, צוגעלייגט אַ קאָפּ צו אַ קאָפּ):

מיין טייערע זשיליעט!

אָט זעסטו, אז איך האַלט וואָרט... אָנקומענדיק נעכטן אין אָוונט אין ניצע, האָב איך היינט גלייך פון בעט אַרויס־געשריבן צו דיר אַ בריוו, פריער נאָך ווי צו דער מאַמען. דו

זעסט, אַז איך האָב נישט פאַרגעסן אין דער קליינער זשיליעט און די גוטע צייטן פון ווערנאָן א. אז. וו.

... מיין רייזע איז פאָרגעקומען אין די בעסטע באַדינגונגען; איך בין געשלאָפן אין אַ סליפינג און אויפכאַפנדיק זיך, האָבן מיינע אויגן דערזען, דעם פרעכטיקן דרום-פייזאַזש, וועלכן איך האָב ביז אַהער נישט געקענט. (באַשריבן דעם שטח פון פּגרסעל ביז ניצע; שיינע ווערטער וועגן פענסיאָן, וועגן בלויען הימל, מיטללענדישן ים, פּיַלון, א. א. וו. ליסיל און זשיליעט לייַנען ווייַטער).

... זשאַק ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט מיר (ליסיל און זשיליעט צוזאַמען: אַך ענדליך!) ער איז זייער אַ פריילעכער און לוסטיקער רייזע-חבר, א. ז. וו. (זי רעכנט אויס זשאַקס מעלות)

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין ענגלישן האָטעל, ווו מיר פילן זיך זייער גוט, א. ז. וו (געניויע פרטים פון צימער, פון דער צייַט, פון עסן, א.ז.וו.)

ענדלעך, מיין קליינע זשיליעט, ניצע איז זייער שיין, זשאַק איז זייער אַ גוטער און איך בין גליקלעך. האָב חתונה ווי צום שנעלסטן און זיי גליקלעך.

„דיין מאַרגעריט".

(ביידע מיידלעך קוקן זיך אַ ווײַלע אָן, און שווייַגן).

זשיליעט — אַלזאָ וואָס זאָגסטו צו דעמדאָזיקן שיינעם בריוו!... איך פייף אויפן מיטללענדישן ים, אויף זשאַקן און אויפן ענגלישן האָטעל. קיין איין וואָרט דערפון וואָס זי האָט פאַרשפּראָכן.

ליסיל — זי האָט מסתם פאַרגעסן.

זשיליעט — ביין! זי האָט געטאָן, ווי אַנדערע טוען!... האָט מען חתונה, נעמט מען אָן אַ פול מויל מיט וואַסער! (ביי דעם צעררייסט זי דעם בריוו) אַלזאָ, נישט וויכטיק! איך וועל מיך דאָך דערוויסן... דאָס וועט מיר דערציילן מיין קוזין אַנרי!

---

# ד ע ר ב ל אָ ף

א בריוו פון מאדמאַזעל סעסיל קוטאַר
צום מסיע לואי דע ליסטראַק.

איר ענטמוטיקט מיך אַזוי, מיין ליבער לואי, איך האָב אַזוי מורא, ווען איר לאַכט דערפון, וואָס איר רופט אָן, „סענטימענטאַלע נאַרישקייטן", אַז איך בין תמיד אין פאַרלעגנהייט און שעם מיך אַרויסצוזאָגן אייך דאָס, וואָס איך וויל אייך היינט אַרויסזאָגן. ווארום וואָס בין איך דען, מישטיינס געזאָגט? אַ קליינע בהמה, אַ צאַרטע, אַ באַנאַלע, ענלעך צו אַלע אַנדערע פרויען.. כדי אויסצודריקן דאָס, וואָס איך וויל, האָב איך תמיד אויף מיינע ליפּן, אָדער אויף דער פּענע דיזעלבע אויסדריקן, וואָס אַלע האָבן; און פילן פיל איך תמיד פּשוט, פּונקט ווי ס'פילן די אַלע, דאַכט זיך מיר, וואָס ליבן... אָבער וואָס טוט מען מיט אייך, ווען אויף אַלץ האָט איר איין וואָרט: ס'איז בלאָף?... אַלזאָ איך הייב אָן דערמאָזיקן בריוו מיט אַ פראַזע, וואָס איך האָב געהערט, וואָס איך האָב אפשר געלייענט, אַ פראַזע פון אַלע נאַראָנים, וועלכע געפינען זיך פּונקט אין מיין לאַגע: „מיין פריינט, ווען איר וועט לייענען די דאָזיקע שורות, וועל איך שוין זיין טויט..." נאָכדעם האָב איך געטראַכט, אַז ביים ערשטן בליק וועט די דאָזיקע פראַזע אַרויסרופן ביי אייך אַ געלעכטער. איר וועט זאָגן, אַז דאָס איז באַנאַל, אַ מעלאָדראַמע, אַ גראָשענער ראָמאַן. מיט איין וואָרט איר וועט פאַרווענדן אַלע אייערע אויסדריקן, וועלכע איך קען שיין, ליידער! איך קען דערצו באַרנישט העלפן... אָבער ס'איז דאָך ריכטיק,

מיין פריינט, אַז ווען איר וועט ליינען דעמדאָזיקן בריוו וועט סעסיל זיין טויט, טויט אויף אַן אמת...

איך בעט אייך, מיין ליבער לואי, מאַכט נישט חוזק דאָס דאָזיק מאָל... ס'איז גאָר נישט קיין שפּאַס צו שטאַרבן ביים פולן געזונט. פּשוט דערפאר ווייל מען וויל שטאַרבן, ווייל מען איז אומגליקלעך! ס'איז גאָרנישט קיין עוולה, אז דער געליבטער פריינט זאָל זיך דערפון אַביסל נעמען צום האַרצן; און אויב ס'וועט אים די זאַך קיין סך נישט אַרן, אויב ער וועט נישט באַקלאָגן דער, וואָס גייט אַוועק, זאָל ער, לפּחות, דעמדאָזיקן פאַל אויפנעמען ערנסט, זאָל ער נישט לאַכן און זאָל ער נישט שרייען: „בלאָף!...” מער פאַרלאַנג איך נישט פון אייַך, מיין פריינט. און איצט לאָזט מיר אויסרעדן אַלע ליבע־נאַרישקייטן, אַלע איבערגעגעקייטע זאַכן, אַלע גראָשענע ראָמאַנען, וואָס איך טראָג אַרום אין מיין האַרצן... און מאַכט נישט חוזק... צום לעצטן מאָל רעג איך אייך אויף... צוליב אַ פריינט קענט איר איינגיין אויף אַזאַ קליינע הנחה!...

*

איר, מיין לואי, האָט קיינמאָל נישט געצווייפלט אין מיין ליבע, אין מיין משוגענער ליבע צו אייך... ווען איר האָט מיך גענומען, בין איך, קענטיק, שוין נישט געווען קיין אומשול־דיקע; ווייל ס'איז דאָך אַ פּשוטע זאַך, אַז מען קען נישט זיין אומשולדיק צו צוואַנציק יאָר, בפרט אז מען וווינט אין פּאַריז און מען שטאַמט אַרויס פון אָרעמע עלטערן, ווי מיינע... אָבער דאָך שווער איך אייך פאַר גאָט, וועלכער ווערט באַלד מיין שופט, אַז איך האָב צו קיינעם נישט געהערט. איך בין גע־ווען איינגאַנצן אומבאַרירט, סיי מיט מיין פרישן גוף, סיי מיט מיין האַרץ, וואָס איך האָב אייך אַוועקגעגעבן. איר האָט דערויף אפילו קיין שום אַכט נישט געלייגט, איר האָט שטענדיק ג לאַכט, ווען איך האָב אייך געגעבן אַ ווידערשטאַנד. תמיד האָט איר געהאַט בייזע ווערטער, באַזונדערס דעם אכזריותדיקן אויסדריק „בלאָף”, אַזוי אַז איך האָב קיינמאָל נאָכדעם קיין העזה נישט

געהאַט אייך צו זאָגן: „איר ווייסט, לואי, איר זייט דער ערשטער!"... אַך, ווי איר וואָלט דעמאָלט געלאַכט! איר וואָלט דעמאָלט געזאָגט: „אַז איר קענט אַזעלכע אומשולדיקע! אַז נישט צום ערשטן מאָל פאַרציילט מען אייך אַזעלכע מעשיות, אַז מיט אַזעלכע נאַרישקייטן איבערראַשט מען אייך נישט!" איך האָב אייך דעמאָלט שטאַרק געליבט, איך האָב געוואָלט זיין אייערע, און דאָס איבעריקע האָט מיך נישט אינטערעסירט... איר האָט דעם גאַנצן ענין געפירט, ווי אייך איז געווען געפעלן... איך האָב דעמאָלט, געוואָלט מען זאָל מיך נעמען מיט צאַרטע ווערטער, מיט לאַסקעס, מיט העפלעכקייטן, ערגעץ אין אַ באַשיידן ווינקעלע אויפן לאַנד, למשל: אין אַ קליין הייזעלע, בלויז מיר אַליין זאָלן זיך דאָרט געפינען, אַרום אונדז ביימער; דאָרט וואָלטן מיר געווען ווי מאַן און ווייב... בלויז אַכט טעג... צוויי טעג... אַזוי לאַנג ווי איר וואָלט געוואָלט... אָבער ווען איך האָב ריזעקירט אייך אַרויסצוזאָגן מיין פאַרלאַנג, האָט איר מיר א פרעג געטאָן מיט אַ שמייכעלע, וועלכער האָט מיך איבערגעשראָקן (ווייל איך בין דערצו נישט געווען געוווינט) „צי פאַרלאַנג איך אפשר נישט קיין כאַטקעלע, צי וויל איך אַמאָל נישט איר זאָלט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ פאַסטוך, פונם מלך לואי דעם XVI?"... אַלזאָ, האָב איך מיך געהאַלטן גאַנץ רויק, איר פאַרשטייט... איך האָב מיך אייך אָפּגעגעבן אין אַ רעסטאָראַן-קאַבינעט, אויף א קאַנאַפּע, ווו מיידלעך גיבן זיך יעדע נאַכט אָפּ פאַר געלט. פוי!... ווען איך זאָל אייך, טראַץ אַלעם, נישט האָבן געליבט, וואָלט דידאָזיקע נאַכט אין אַנגלע-רעסטאָראַן, איבערגעלאָזט די עקלהאַפטסטע ערינערונגען אויף מיין גאַנץ לעבן!...

... אָבער איך בענטש זי, יענע שרעקלעכע נאַכט, אַזוי־ווי זי האָט מיר דערלויבט אייך צו פאַרשאַפן אַ ביסל תענוג און איך האָב, לפחות, געפילט, אַז איר ליבט מיך שטאַרק! געליבט? צו דאַרף איך אייך שרייבן דאָסדאָזיקע וואָרט, וואס האָט די אייגנשאַפט אייך אויפצורעגן, ווען איר זייט נישט מסוגל צו פלאַצן פון געלכטער? כסדר פלעגט מיר דאָסדאָזיקע וואָרט

די ערשטע צייט אַרויפקומען אויף די ליפּן, אָבער איר האָט מיך שנעל אָפּגעוווינט דערפון... יעדעס מאָל, ווען אַן איבערפלוס פון ליבע פלעגט אַרויפוואַרפן מיינע הענט אַרום אייער האַלדז, און מיין איבערגעפולט האַרץ פלעגט זיך אויסגיסן מיט די ווערטער: „איך ליב דיך מיין טייערער!", איז וואָס פלעגט איר דעמאָלט טאָן? איר פלעגט באַגעגענען דידאָזיקע אָרעמע ווערטער, — אומגוצלעכע אבער ערנסטע! — מיט אייער געוויינלעכן אויסרוף „בלאָף". איר פלעגט ענטפערן: „סאַראַ מוזיק!" אָדער: „זינג פויגעלע דיין ראָמאַנס!" אָדער גאַר אַנדערש: „אַך, איך האָב שוין פאַרלוירן דעם קאָפּ!" איך ווייס נישט צי אייערע ווערטער וואָלטן ביי אַנדערע פרויען אַרויסגערופן אַ געלעכטער, פאַר מיר זענען זיי געווען פונקט ווי מיט אַ מעסער אין האַרץ... דאָך זענט איר נישט קיין שלעכטער, לואי... פאַרוואָס האָט איר מיר אַזוי פיל שלעכטס פאַרשאַפן? צי האָט איר נישט געפילט מיין ווייטיק אין האַרץ?

•

איר האָט נישט געפילט מיין ווייטיק אין האַרץ, נאָכמער איר האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אַריינקוקן, וואָס דאָרט טוט זיך. איר זייט געווען זיכער, אַז איר מאַכט מיך זייער גליקלעך. צי האָט איר מיר נישט געגעבן קיין לוסטיק לעבן, קיין יום־טובדיק לעבן, קיין טעאַטערן, קיין וועטלויפן, קיין נסיעות אין מאָנטע־קאַרלאָ, קיין סעודות און כ'ווייס וואָס נאָך?... אַך, דאָס שרעקלעך לעבן! וויפל טרערן האָב איך פון אייך פאַרבאָרגן! אמת, איך בין פון געבורט אַ קליין־בירגערין אָן שום שכל, דערפאַר אָבער מיט אַ סך האַרץ; איך האָב אין זיך מער תאווה־צאַרטקייטן, ווי צוואַנציק אַנדערע פרויען צוזאַמען. און אָט, האָב איך געדאַרפט פאַרבאָרגן מיין צאַרטקייט, ווי די ערגסטע מידה, אוןליידן יעדער שעה דערפון, וואָס איך האָב קיין פאַרשטאַנד נישט. נישט צוליב מיר האָב איך געליטן, נאָר צוליב אייך: ווייל איך האָב געזען, ווי איר כאַפּט התפעלות פונם „בלאָף" פון

אַזוי פיל אַנדערע פּרויען און גלייכצייטיק אומצופרידן מיט דער שטילער הכנעה פון אייער געליבטער... אָך, די ווערטער, וואָס איר פלעגט מיר אַריינזאָגן, מיין פריינט, נאָך יעדער „עקספּערימענט" וועגן דעם, אַז איך האָב קיין שכל נישט! איך פלעג מיך פאַרענטפערן — הגם איך האָב געפילט, אַז די תשובה איז אַ נאַרישע —: „אַן אַנדערע וועט זיין קליגער, אָבער זי וועט אייך אַזוי נישט ליבן, לואַי טייערער!" איר האָט אַפילו איינמאָל געהאַט די דרייסטקייט מיר צו געבן אַזאַ מין תשובה: „איך פייף אויף ליבע!... די ליבע גיט הויכע פראַזן, אַ געליבטע און אַ צולייג אַ ביסל „בלאָף"... שוין בעסער חתונה האָבן!"

...אָבער דאָך האָט איר נישט חתונה געהאַט, מיין ליבער פריינט. איר האָט בלויז פאַרראַטן אייער אָרעמע סעסיל מיט אַנדערע אינטערעסאַנטערע פרויען. איך מוז אייך מודה זיין, אַז איר האָט עס געטאָן מיט אַ מערקווירדיקער אויפריכטיקייט; איר האָט קיינמאָל פון מיר נישט פאַרבאָרגן אייער אומטרייקייט. איר האָט מיר כמעט וועגן אַלץ דערציילט, אָדער מיר צוגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער, פון וועלכע איך פלעג מיך תמיד אויף אַלץ אָנשטויסן!... און איך בין תמיד געווען אַזאַ פּחדן, אַז נישט געקוקט אויף מיין צעבראָכן האַרץ, האָב איך קיינמאָל קיין העזה נישט געהאַט פאַר אייך צו וויינען, צו מאַכן אייך אַ פאָרוואורף!... בלויז איין איינציק מאָל בין איך געווען אַזוי נאַריש — אַרויסצווייזן פאַר אייך מיין אומעט, האָט איר מיך אָנגעקוקט מיט שטוינונג און, זעענדיק, אַז דאָס איז נישט „מוזיק" האָט איר צו מיר געזאָגט:

— וואָס גאָר! אייפערזוכט? צי האָבן מיר זיך פאַר שווירן אין טרייקייט? צי זענען מיר דען ביידע נישט פריי? איר געפעלט מיר, איך געפעל אייך. מיר באַגלייטן זיך זייט ביי זייט אין דעמדאָזיקן טאָל פון טרערן, באַמיענדיק זיך נישט צוגעגעסן צו ווערן איינער דעם צווייטן. אָבער אונדזער אָפּהענגיקייט מוז זיין אָפּגעהיט".

איך האָב מיך באַמיט אייך צופרידנצושטעלן, מיין פריינט איך שווער אייך, אַז איך האָב זיך באַמיט צו זיין פאַרנונפ־טיק, צו געניסן פון לעבן און פון דער ליבע, ווי איר... „בדרך בלאָף". איך האָב מיך באַמיט צו זיין גלייכגילטיק, נישט ווייגען פון אייערע פאַרראַטן, נישט ליידן. איך האָב געפּרוווט צו זיין פריילעך, צו לאַכן, ווען אין מיין האַרצן האָט אַרומגעשפּאַצירט דער טויט. כמעט א גאַנץ יאָר האָב איך געשפּילט מיט אייך, מיט זיך אליין די דאָזיקע טרויעריקע קאָמעדיע. דורך דעם איז מיר געלונגען אייך צו באַזיגן, צו האָבן ביי אייך דערפאָלג. איר זייט געווען זיכער, אז איך בין שוין לגמרי אויסגעהיילט פון די תאווה־סענטימענטן, פונם „גראָשענעם ראָמאַן". איר האָט געמיינט, אז איך בין שוין פולשטענדיק באַזיגט פון „בלאָף" און איר האָט מיך באַגריסט...

אָבער ניין!... איך האָב מער קיין כוחות נישט צו קעמפן און צו זאָגן ליגן. מיין ראָל איז מיר צוגעגעסן געוואָרן. מיט עקל וואַרף איך זי אַוועק. איך נעם מיך אין די הענט אריין, איינמאָל, לפּחות, וועל איך אייך האָבן אַרויסגעזאָגט מיין אמתן געדאַנק, אַרויסגעוויזן מיין אמתע נשמה. איר וועט זיך דערוויסן, ווי איך האָב געליטן, ווי יעדעס ברעקל פאַנטאַזיע אייערע האָט אַרויסגעריסן אַ שטיק פון מיין האַרץ, אַז איר האָט אַ יאָר צייט געטראָטן און געפּליקט מיין אָרעם האַרץ, נישט פרווונדיק אפילו זי צו היילן מיט א וואָרט פון ערנסטער צאַרטקייט...

איך ווייס, אַז דאָס איז נישט אייער שולד. דאָס איז א שולד פונם גורל, וואָס האָט אונדז פאַרייניקט, בעת מיר זענען נישט באַשאַפן איינער פאַרן צווייטן. איך בין זיכער, אַז איר וועט שטוינען ווען איר וועט אייך דערוויסן, אז אייער קליינע סעסיל איז טויט אויס ווייטיק, כדי צו פאַרלאָזן דאָס לעבן, וועלכעס איר האָט פריילעך געמאַכט אויף אַן אכזריותדיקן אופן... איר וועט אפשר דעמאָלט פאַרשטיין, אַז ס'עקזיסטירט אַן אנדער ליבע, ווי די וואָס איר קענט, אַ ליבע וואָס בלאָפט נישט, אָבער וואָס ליידט, וואָס בלוטיקט, וואָס שטאַרבט... און איר וועט שוין

קיין אנדערע מער נישט פארשאפן אין לעבן די יסורים, וועל־כע איר האט מיר פארשאפן...

אדיע, מיין פריינט. איך פארלאז דאס לעבן אן שום כעס צו אייך; אדרבה, מיין ארעם הארץ געהער צו אייך, ווי פריער. א שוועבעלע צום גאז, א שעה אין בעט, און א סוף. איך וועל אייך שוין מער קיינמאל נישט אויפרעגן... איך שטארב לויט אייער געשמאק, נישט מאכנדיק קיין טומל ביי אייך, אן שום געוואלטן אויפן גאס, און קיינער א חוץ אייך וועט נישט וויסן די סיבה פון מיין טויט. אזויווי איך שטארב באשיידן, עניוותדיק, וועט איר נישט אויסטייטשן, אז איך בין טויט צוליב „בלאף" צוועקן, אז מיין טויט איז ראמאנטיש. אך, מיין טייערער, איך וואלט געוואלט שטארבן מיט א קלענערן טומל, איך וואלט גע־וואלט ווערן א קליינטשקע, גאר א קליינטשקע פארן טויט... אבער וואס זאל איך טאן? זייט נישט אין כעס אויף מיר. מאכט נישט חוזק פון מיר.. פארגעסט, מיך נישט שנעל... איך האב אייך ליב... אדיע, מיין פריינט!

# ס׳ברענט!

א בריוו פון מאַדאַם ראָול דאָמברין צו

איר מאַן, מסיע ראָול דאָמברין.

יאָ, מיין טייערער ראָול, דרייט און דרייט דאָס שטיקל פּאַפּיר צווישן אייערע פינגער באַטראַכט נאָכאַמאָל די אונטער־שריפט. דאָס שרייב איך, אייער געזעצלעכע פרוי. איידער איך בין אַריין מיך לייגן אין גרויסן בעט, אין סטיל פון לודוויק דעם 15־טן, וועלכעס איז געווען באַשטימט פאַר אונדז ביידע און געהערט איצט צו מיר אַליין — בין איך מיר באַשיידן אַריין אין אייער צימער. איך האָב דעם קאָנווערט אַוועקגעלייגט אויבנאָן אויפן טישל לעבן אייער געלעגער. ס׳איז אוממעגלעך איר זאָלט אים נישט האָבן באַמערקט, ווען איר זענט געקומען פון קלוב... הגם איר האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע צו קומען יע־דע נאַכט שפּעט פון קלוב... איצט, אַז איר האָט שוין פעסט־געשטעלט, אַז דאָס איז מיין בריוו, לעזט אים אויפמערקזאַם און פאַרטראַכט זיך דערויף. ס׳איז נישט קיין שפּאַס.

שוין דריי גאַנצע יאָר, ביז אַ טאָג, ווי מיר האָבן חתונה געהאַט. זייט אייך מודה, צי האָט איר אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם יאָר־טאָג פון אונדזער חתונה?... וואָס שייך מיר, וואָלט איך אין דעם טאָג אַ ביסל געטרוימט, אפילו ווען ס׳וואָלט היינט נישט פּאַסירט דער צופאַל, וואָס האָט זייער אַ וויכטיקע באַדיי־טונג. אַיך וועט אייך תיכף פאַרשטענדלעך ווערן!

דריי יאָר! ס׳איז אַ סך און ס׳איז גאָרנישט. פאַר אייערע עלטערן און פאַר מיינע, פאַר אונדזערע פריינט, פאַר דער גאַנ־צער וועלט זענען מיר אַ יונג פּאָרל... איר זענט אַלט 32 יאָר

איך 23, איר זענט עלעגאַנט, איך שיין; צי וואָלט עס נישט געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז אונדזער ליבע זאָל דויערן און דוי-ערן?... אָט וואָס אַלע טראַכטן! אָבער מיר, וועלכע גע-פינען זיך הינטער די קוליסן פון דער קאָמעדיע, ווייסן דאָך, אַז זינט אַ גאַנץ יאָר זענען מיר שוין מער נישט קיין געליב-טע און אַז — שפּאָרט אייך נישט, איך האָב פאַרשריבן די טעג אויפן קאַלענדאַר במשך פון דעם לעצטן יאָר... — מיר זענען געווען מאַן און ווייב אינגאַנצן ניין מאָל, נישט מער און נישט ווייניקער. דידאָזיקע בידנע ניין מאָל ווערן אַלץ שיטערער און שיטערער פון אָקטאָבער אָן... איר פאַרשטייט מיך?... אָבער מיר זענען דאָך שוין אין יאַנואַר, כּמעט סוף יאַנואַר!...

אָט דערויף וויל אַ'ך אייך מאַכן אויפמערקזאַם, מיין טייערער מאַן. באַרעכנט אייך, ווי נאַריש איר זענט זיך מיט מיר באַגאַנגען די גאַנצע צייט.

ווען איר האָט מיך אוועקגענומען פון מיין פאַמיליע בין איך געווען א בתולה מיט לייב און זעל. איך פאַרזיכער אייך, אַז איך האָב אפילו קיין באַגריף נישט געהאַט וועגן ליבע. אין יענער צייט, ווען איר וואָלט מיך אַריינגעפירט אין בעט, אין סטיל פון לודוויק דעם 15-טן, איר וואָלט מיר אַ קוש געטאָן אין שטערן און נאָכדעם וואָלט איר אַוועק צו זיך אין צימער, וואָלט איך, אויף מיין ערנוואָרט, גאָרנישט צו אייך געהאַט! ווייל אַזאַ מין חברישע באַציונג וואָלט מיר דעמאָלט שטאַרק געפעלן געוואָרן... אָבער וואָס האָט איר דעמאָלט געטאָן?... פון ערשטן אָוונט אָן האָט איר מיט די פיס געטרעטן מיין אומ-שולד, איך האָב פאַרזוכט דעם טעם פון ליבע, נישט ווערנדיק לכתחילה צוגעגרייט דערצו... באַמערקט, אַז איך קלאָג מיך נישט דערויף; ס'איז שוין אַזאַ מנהג אויף דער וועלט. אַ טרויערדי-קער מנהג, וואָס פאַרגוואַלדיקט דאָס הייראַט-לעבן, בעת ס'איז אַזוי לייכט עס אַרומצושטעלן מיט רייץ!... אָבער ווייטער! די נאַטור האָט דאָ אויך אַ דעה און זי פאַרריכט זייער שנעל די אומגעשיקטע מעשים פון מענטשן.

איך מוז אייך מודה זיין, ראָול, אַז גאָר אַ קורצע צייט האָט געדויערט איך זאָל אייך ליב קריגן, נישט ווי קיין יונג מיידל, נאָר ווי אַ פרוי. איר האָט מיר אפילו געמאָלדן אין יע־נע גליקלעכע טעג, אַז איך האָב „טעמפּעראַמענט“, אייערס אַ וואָרט. אָבער וואָס מער לעבעדיק איך בין געוואָרן, זענט איר געוואָרן אַלץ מער אָפּגעקילט, וויניקער פארליבט און צעשטרייט. דער השק צו האַלטן אַ פרוי אַן אייערע אָרעמס האָט שוין מער נישט געווילט אייער פאַרטעמפּטע פאַנטאזיע און איר האָט שוין מסתמא פארגלייכט די אָרעמע נאַיווע לאַסקעס פון אייער פרוי מיט די געקינצלטע לאַסקעס פון אייערע פאַר־איאָריקער געליבטער.

ווען ס'איז געוואָרן צוויי יאָר נאָך אונדזער חתונה, האָט איר שוין געהאַט א געליבטע.

איר האָט איצט אַ געליבטע. גאַנץ פּאַריז ווייסט עס, און איך פונקט ווי גאַנץ פּאַריז. אייער געליבטע איז אַ קאָ־מעדיאַנטקע, זי נאַרט אייך אָפּ: גאַנץ פּאַריז ווייסט אויך דערפון, אַ חוץ אייך, פאַרשטייט זיך. פון מיין דערפאַרונג און פון דער דערפאַרונג פון אַנדערע פרויען וויל איך אייך אַנטפּלעקן דעמדאָזיקן אמת: יעדער פרוי, וועלכער מען צאָלט, נאַרט אָפּ דעמ־דאָזיקן מאַן, אָפּגעבנדיק זיך פאַר ג אָ ר נ י ש ט צו אַ צווייטן — דערהייבט זי זיך אַליין אין אירע אייגענע אויגן...

אָבער נישט דאָס איז וויכטיק. וויכטיק איז פאַר מיר די הילפלאָזיקייט אין וועלכער איך געפין מיך, אָנהייבנדיק פון אייער פיינער פּ אַ ר ב י נ ד ו נ ג. פון טאָג צו טאָג האָב איך געמוזט ענדערן מיין אַרט לעבן. אַ ר בערגיין פון אַ פעסטן זאַפטיקן עסן אויף אַ דיעטע. וואס מיינט איר, טייערער פריינט, צי האָב איך אַזאַ מאָגן, כדי צו קאָנען אויסשטיין אַזאַ מין פרווו? צי ווילט איר בלויז מיטן ווילן רעגולירן מיין אַפּעטיט?

איך בין אַן אָרנטלעכע פרוי; איך וויל אַכטן אייער כבוד; דער בריוו, וואָס איך שרייב אייך איצט, איז דער בעס־

טער באַוויז. איך האָב העלדיש איבערגעטראָגן מיין פּיין און קיינמאָל זיך צומאָל נישט באַקלאָגט. אָבער דאָס איז אַלץ געווען ביז אַ צייט, ביז וואַנען איך האָב געהאַט גענוג ווילן. אָבער איצט מעלד איך אייך, איך שריי צו אייך! „ס'ברענט!" ווייל אַ קליינער צופאַל האָט מיר היינט באַוויזן, אַז מיין ווילן ווערט אַנטרונען און אַז מיינע באַגריפן וועגן אָרנטלעכקייט זענען אָפּהענגיק פון בלוט-אויפרעגונג און פון אַ פאַרביילויפנדיקן רייץ... איך האָב אייך פאַרשפּראָכן צו דערציילן וועגן דעמדאָזיקן צופאַל. אָט וואָס ס'האָט פּאַסירט:

איר ווייסט דאָך מסתּם, אַז איך נעם אויף געסט יעדן מאָנטיק: אַלזאָ האָב איך היינט געהאַט וויזיטן. ס'באַזוכן מיך אונדזערע פריינט, וועלכע איר קענט, און אויך אַ באַשטימטע צאָל יונגעלייט, וועלכע איר קענט נישט. אַלזאָ! ס'איז נישט וויכטיק ווער, אָבער ס'עקזיסט'רט אַזאַ מנהג, אַז אויב איינער האָט געמיטאָגט ביי אַ פרוי מיט אַ קאָמפּאַניע, האָט ער דאָס רעכט אויפצומאָרגנס איבערצולאָזן זיין וויזיט-קאַרטע ביי דערדאָזיקער פרוי און קומען מיט אַ באַזוך צו איר במשך פון דער וואָך. אויף אַזאַ אופן קניפּט מען שנעל אָן באַציונגען מיט מענער, און בפרט נ׳ך, אַז אַ פרוי איז פאַרלאָזן פונם מאַן!... אין אָט וועלכער לאַגע איך בין איצט, מיין טייערער ראַול. יעדן מאָנטיק קומען צו מיר אָן אַ מחנה יונגע באַזוכער. איך מוז אייך זאָגן, אַז אַלע דרייען זיך שטאַרק אַרום מ׳יר, און מיט גרויס פאַרגעניגן זענען זיי אַלע גרייט אייך צו פאַרבעטן, אויב איך וועל מיך באַשליסן אייך צו פאַרראַטן.

פּונקט היינט, האַלב זיבן, האָט גראָד פּאַסירט, אַז דער זאַל איז פּלוצלונג געוואָרן ליידיק און איך בין פאַרבליבן אויף פיר אויגן מיט איינעם פון דידאָזיקע קאַנדידאַטן... ברעכט אייך נישט דעם קאָפּ, איר וועט סיי ווי נישט טרעפן ווער דאָס איז; און אַרויסרופן אויף אַ דועל די אַלע וואָס קומען קענט איר דאָך אויך נישט!...

אַלזאָ, נאָך אַ רגע פון שטילער פאַרלעגנהייט האָט דער אויבנדערמאָנטער קאַנדידאַט אָנגענומען אַן אומפאַרשטענדלעכן

באַשלוס, אַ באַשלוס פון אַן אויפגערעגטן: ער האָט זיך אויף מיר אַ וואָרף געטאָן, מיך אַרומגעכאַפּט מיט די הענט און געקושט אָן אויפהער.

איר מיינט דאָך מסתּם, אַז איך האָב געגעבן אַ ווידערשטאַנד? ס'הייבט זיך גאָרנישט אָן, מיין טייערער! איך האָב מיך אַזוי שטאַרק געניייטיקט אין לאַסקעס, אַז ביי זיין ערשטער צורירונג צו מיר האָב איך תּיכּף פאַרלוירן מיין ווילן. אַ רגע האָב איך מיך געפונען אונטער דער מאַכט פון דעמדאָזיקן מענטשן, וואָס איך ליב נישט. ער האָט געזען מיין צושטאַנד און ער האָט שוין געהאַלטן ביים אויסנוצן מיין שוואַכקייט, ווי מיטאַמאָל צו אייער גליק... האָט זיך דערהערט אַ קלונג. ס'איז געווען איינע פון מיינע פענסיאָן=חברטעס... רויט ווי אַ ראַק האָט דער באַזיגטער יונגערמאַן תּיכּף פאַרנומען זיין פריערדיקן אָרט אין פאָטעל. ווען מיין חברטע וואָלט זיך פאַרשפּעטיקט אויף איינציקע פינף מינוט, וואָלט שוין מיין חשבון מיט אייך געווען רעגולירט, מיין אָרעמער ראַול...

... דער מאַן, וועלכער איז שיער נישט געוואָרן דער געליבטער פון אייער ווייב, וועט שוין קיין פוס נישט אַרויפשטעלן אויף מיין שוועל... איך פאַרזיכער אייך... איך קען אייך אָבער נישט געבן קיין שום גאַראַנטיעס אויף ווייטער, אין פאַל אויב איך וועל מיך באַגעגענען פּנים אל פּנים מיט דער היינטיקער סכּנה און ווער ווייסט, צי מיין חברטע וועט דעמאָלט נישט אָנקומען מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער! איך בין מודה פאַר אייך מיין שוואַכקייט: איך געפין מיך איצט אין דער מאַכט פון ערשטן בעסטן דרייסטן מאַן... אַ פייער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אייער הויז, מיין טייערער פריינט; און אויב אייך אַרט נישט, אַז עס ברענט, טאָ פירט אייך ווייטער געזונטערהייט אייער פאַררעטערישע ליבע!... דערווייל האָט נאָך דאָס פייער נישט אָנגעמאַכט קיין גרויסן חורבן, איר קאָנט עס אפשר איינלעשן... אפילו נאָך היינטיקע נאַכט...

---

# סימאָנס טאָג־בוך

## I.

## א יאָר נאָך דער חתונה.

אויף דעמדאָזיקן קליינעם רויטן העפט, וואָס איז מיין אינ־טימער פאַרטרויער, וועלכן איך האָב שוין אַוועקגעוואָרפן זינט עטלעכע חדשים, לייען איך איצט אויפדאָסניי, אָנהייבנדיק פון 20־טן מאַי און צוריק ביזן 18־טן. דאָס זענען עטלעכע שורות, אויפגעצייכנט שנעל, צוריקקומענדיק פון קלויסטער נאָך דער חופה:

„ס'איז געשען. איך האָב שוין חתונה געהאַט, חתונה גע־האַט, חתונה געהאַט! דער פאָפּאַ האָט געוויינט, ווען דער גלח האָט געהאַלטן זיין דרשה. מיין קלייד, וועלכעס אונדזערע פריינט, די מאַרטענס פון ליאָן, האָבן געוועבט ספּעציעל פאַר מיר האָט שטאַרק אויסגענומען, באַזונדערס ביי די, וועלכע האָבן פון דער נאָענט געזען די שטאָף. און מיין מאַן, דער טייערער זשאַן, האָט מיך געקושט לעבן קלויסטער (איך האַלט, אַז ס'עקזיסטירט נישט אַזאַ מנהג), אריינשושקענדיק מיר אין אויער: „איך פאַרגעטער דיך!"

„און איצט, צי וועל איך זיין גליקלעך? מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב אַלץ, כדי צו זיין גליקלעך, מיר זענען יונג, רייך... און מיר ליבן זיך...

„מיין ליבער גאָט, מאַך, איך זאָל זיין גליקלעך!

„איך באשטים זיך אַליין אַ ראַנדעוווּ דעם צוקונפטיקן יאָר אין דערזעלבער דאַטע.

„אַ גאַנץ יאָר איז פאַריבערגעגאַנגען אויף די ערינערונ-גען פון דעמדאָזיקן טאָג. און ס'דאַכט זיך מיר, אַז צוויי „איכן" האָבן זיך אין דער רגע צונויפגעטראָפן אין מיר: איינע איז די ווייסע אומוויסנדיקע כלה פון פאַראַיאָרן אין דער-זעלבער צייט, די צווייטע איז אַ ווייב, וואָס האָט זיך אויס-געלערנט אַלץ פון וואָס זי האָט נישט געחוסט אין יענער צייט, וועלכע ווייסט כמעט פּינקטלעך אַלץ — פרייד און צרות. די צוויי געשטאַלטן פון זיך אַליין, וועלכע זענען זיך געטריי צונויפגעקומען אויף דער ראַנדעווו, רעדן צו זיך, שטעלן זיך שאלות און ענטפערן.

„אָט בין איך", זאָגט דאָס יינגע מיידל מיט די בוקעטן בלומען. „איך וויל פון דיר אַ דין-וחשבון פון פאַרגאַנגענעם יאָר, צוערשט זאָג מיר, צי ביזטו גליקלעך?"

די יינגע פרוי, מיין „איך" פון היינט, ענטפערט:

— זאָג נישט אַרויס דאָסדאָזיקע וואָרט. עס איז זייער גרויס און פאַרנעפּלט. איך קען דיך בלויז באַרויקן דערמיט, אַז איך בין נישט אומגליקלעך. איך בין בלויז פאַרדאגהט, ווי דו זעסט.

— צי האָסטו חרטה, וואָס דו האָסט חתונה געהאַט?

— ניין. איך האָב נישט חרטה דערויף, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן. איך וואָלט נאָך איצט געוועזן אַ קינד ענלעך צו דיר, וועלכעס וואָלט געוויס פריער אָדער שפּעטער חתונה גע-האַט, ווייל דאָס חתונה האָבן איז ביי אונדז אַ פראַגע פון זיין אָדער נישט זיין. איינס באַדויער איך יאָ: מיין האַרץ פון אַ יינג מיידל.

— צי האָט זיך דיין האַרץ אַזוי שטאַרק געענדערט?

— עס האָט זיך געענדערט. עס האָט פאַרלוירן צוויי זאַכן, וואָס אַ האַרץ פון אַ יינג מיידל פאַרמאָגט: האָפענונג און אומוויסן.

— האָפענונג?

— יאָ. דאָס הייסט נאָך נישט, אַז איך לייג נישט קיין האָפענונג אויף דער צוקונפט. איך זאָג, אַז איך האָב בלויז

פאַרלוירן די אומבאַגרענעצטע האָפענונג, וואָס וווינט טיף אין אַ בתולהס נשמה. די בתולה קען נאָך געניסן פון אַלע תענוגים. זי טראַכט דעמאָלט, אַז איר חתן וועט זיין דער שענסטער, דער קליגסטער, דער איידלסטער. דער חתן עקזיסטירט נאָך אַפילו דעמאָלט נישט. איך מוז באַמערקן, אַז בעת מיר זענען נאָך אומשולדיק, פאַרשטייען מיר שוין, אַז די חתונה גיט אונדז נייע גליקן. וועגן דידאָזיקע גליקן טרוימען מיר כסדר און אייביק איז אונדזער האַרץ דערמיט אָנגעפילט. מיט איין וואָרט דאָס וואָס מיר יונגע מיידלעך זעען פאָר אין דער צוקונפט, קען גאָר די צוקונפט פאַרווירקלעכן אויף דער העלפט. ס'עקזיסטירט נישט אַזאַ גליק, וואָס זאָל זיך קענען אויסגלייכן מיט אזא מין האָפענונג, פונקט ווי די פאַרווירקלעכונג פון דער ליבע גיט נישט אַזאַ באַפרידיקונג, ווי אונדזער אומוויסנקייט גיט אונדז.

— צי איז עס מעגלעך, אַז די אומוויסנקייט ברענגט גליק?

— אַן אומגעהויער גליק: דאָס גרעסטע גליק. מען דאַרף לעבן מיט אומוויסנקייט, מיט ליב און זעל, פונקט ווי איך האָב געלעבט צוואַנציק יאָר. מען דאַרף אויסמיידן אפילו דעם שאָטן פון חשק; מען דאַרף אפילו נישט וויסן, וואָסער חשק דער חשק קען האָבן. מען דאַרף פאַרברענגען דאָס לעבן און נישט עס פאַרשטיין, נישט נעמען אין באַטראַכט די בייזע תאוות, וועלכע פירן אָן מיט דער וועלט. אך! איך שווער דיר, אַז קיין שום גליק קען זיך צו דעמדאָזיקן גליק נישט פאַרגלייכן.

זאָל זיין אַזוי, איך האַלט, אַז די אומענדלעכע האָפענונג, אַז די אבסאָלוטע אומוויסנקייט זענען גרויסע מעלות. אָבער דאָס זענען, אַזוי צו זאָגן, נעגאַטיווע מעלות. אפילו אין דער טיילווייזער פאַרווירקלעכונג פון אונדזערע מיידלשע טרוימען, צי אין דער אַנטפּלעקונג פון ליבע, וואָס איז פאַר אונדז געווען פרעמד, צי שטעקט דערין נישט אַ ביסל פּאָזיטיווע גליק?

יאָ, דאָס הייראַטס־לעבן איז אַ שטיקל מקור פון אמתן גליק, הגם דאָסדאָזיקע גליק איז נישט אַזוי ריין ווי אונדזער בתולה־גליק, אָבער עס איז שאַרפער און וועקט אויף מער אונ-

דזער גאַנץ וועזן. צוערשט האָבן מיר דעם תענוג, וואָס מיר ווערן פרויען, מיר הויבן אָן צו שפּילן אַ ראָל אין געזעלשאַפט־לעכן לעבן: — אַ פּוסטער תענוג! נאָכדעם האָבן מיר דעם תענוג, וואָס מיר באַקומען אַ חבר, אַ פריינט, וועלכער געהערט אויסשליסלעך צו אונדז: — אַ תענוג פון געמיט. און ענדלעך (וואָס איך קען אַרויסזאָגן בלויז פאַר זיך אַליין), איז דער אויס־געלאַסענער תענוג, וואָס מיר פאַרלירן אונדזער אומשולד... יאָ. דאָס איז אַן איבערגעפירטער תענוג צו פילן, ווי אונדזער אום־שולד ווערט ביסלעכווייז פאַרפלעקט, פאַרוועלקט און שטאַרבט אָפּ. אונדזער האַרץ, דאָס איז אַן אָפּגרונט פול מיט פינסטער־ניש. איך בין מיך מודה, אַז נאָך די ערשטע וואקלענישן, נאָך די ערשטע אויפרעגונגען פון מיין גסיסהדיקער אומשולד, בין איך געוואָרן באַהערשט פון אַ מין שמוציקן פיבער. ס'האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אַז מיינע געפילן, וועלכע זענען אין מיר קוים אויפגעוועקט געוואָרן, וועלן זיך קיינמאָל נישט באַרויקן און מיין נייגיריקייט וועט קיינמאָל נישט ווערן באפרידיקט. איך האָב דעם מאַן פאַרדרייט דעם קאָפּ און מיט געשיקטקייט אים געשטעלט פאַר אַזעלכע נסיונות, אויף וועלכע ער אַליין וואָלט זיך קיינ־מאָל נישט אָנגעשטויסן... היינט ווען איך דערמאָן מיך וועגן אַ געוויסן פעריאָד פונם פאַרגאַנגענעם יאָר (אומגעפער צווישן יולי און יאַנואַר), פיל איך, אַז מיינע באַקן ווערן אָנגעגאָסן מיט בלוט פון חרפּה. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב צו שטאַרק אויפ־געוועקט די תאווה ביי מיין מאַן, אַז איך האָב מיך באַנוצט מיט מיין גוף, ווי דלילה, כדי צו באַצויבערן דעם מאַן, וואָס ליגט לעבן מיר. מיר דאַכט זיך, אַז נאָך אַזעלכע אויפגערעגטע מאָ־מענטן האָט מיך זשאַן געדאַרפט פיינט קריגן.

— און וואָס איז מיט דעמדאָזיקן תאווה-פיבער? צי האָט ער זיך איינגעשטילט?

— אוודאי, איינגעשטילט... יאָ, סוף יאַנואַר (איך געפין די דאַטעס אין מיין טאָג־בוך), זענען מיינע געהירן און מיין גוף אָפּגעמאַטערט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן איז אַוועק פאַר מיר

אַ גאַנצע סעריע פון מתיקותדיקע טעג: איך האָב פונקט ווי פריער געליבט מיין מאַן, אָבער איך האָב אים מכבד געווען מיט מער ווארעמקייט און קנאַפּער באַשמוצט די געפילן. אומ־באַוווּסטזיניק האָט זיך אין מיר דערוועקט די חרפּה און איך האָב אָנגעהייבן לאָגיש צו טראַכטן. דעמאָלט האָב איך מיט מיין מאַן אָנגעהייבן צו שמועסן ערנסט און מיר זענען טיפער אריינגעדרונגען צו זיך אין די נשמות.

— און נאָכדעם?

— און נאָכדעם, אַז מיר האָבן זיך נישקשהדיק דורכגע־שמועסט, האָט זיך מיין מאַן אַרומגעזען און איך אויך, אַז מיר פאַרשטייען שוין גוט איינער דעם צווייטן. ס׳איז נישט פאַר־בליבן קיין איין זאַך פון וואָס מיר זאָלן שוין נישט האָבן גערעדט. און אמת גערעדט, האָבן מיר זיך אָנגעהייבן צו לאַנגווייליקן. ס׳איז בלויז פאַרבליבן דער תענוג פון לייב, דער פאַרגעניגן פון ליבע. דורך פאַרשידענע געהיימע מיט־לען, וועלכע מען קען נישט איבערגעבן מיט קיין ווערטער, האָבן מיר פאַרזוכט אויפצולעבן די פאַרגאַנגענע צייט. ליידער, ס׳איז אָבער געווען אוממעגלעך אויפצולעבן די טויטע געפילן... בלויז על פּי צופאַל פלעגן צייטנווייז אונדזערע אָרעמס עלעקט־ריזירט ווערן. און דעמאָלט פלעגט זיך אונדז אויסדאַכטן, אַז ס׳עפנט זיך תיכף פאַר אונדז דער גן־עדן, פון וועלכן מיר זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן.

— און היינט צו טאָג, וואָס איז פאַרבליבן פון דער אַלטער ליבע, פון דער אַלטער תאווה?

— ס׳איז פאַרבליבן אַ חשק צו לעבן צוזאַמען לעבן איינאַנדער, אַ חשק, לויט מיין מיינונג, וואָס איז געשטיצט אויף געוווינהייט, אויף קעגנזייטיקער אָנערקענונג, אַ דאַנק די אַמאָליקע תענוגים. וואָס שייך די אַמאָליקע פאַרגעניגנס, האָבן מיר שוין אויפגעהערט צו האָפן זיי זאָלן זיך אַמאָל צוריק־קערן... מיר זענען מאַן און ווייב, וועלכע קריגן זיך נישט און ווילן זיך נישט אויג אויף אויג. אָבער אויב איינער

ווערט דעם צווייטן פאַרלאָזן, וועט דער פאַרלאָזענער דאָך זיין אומגליקלעך, לפּחות אויף אַ געוויסע צייט.

— און דאָס וועט דויערן אַ גאַנץ לעבן?

— אָך! דערין שטעקט די גאַנצע סכּנה, איך פיל עס. מיר האָבן חתונה געהאַט אויף אַ גאַנץ לעבן; און אין איין יאָר האָבן מיר פאַרצערט אונדזער גאַנץ ביסל גליק. ווען מיר וואָלטן געוווסט, אַז ס׳וועט זיך בלויז אין אונדז דאָס צע־ שיידן זיך, פּונקט ווי צוויי רייזנדער, וואָס פאָרן צוזאַמען, נאָכדעם, צום באַשטימטן טערמין, באַגריסן זיי זיך און יעדער גייט זיך אוועק מיט זיין וועג — האַלט איך, אַז מ׳ר וואָלטן געווען ווייניקער מרה־שחורהדיק און ווייניקער פאַרדאגהט. אָבער אַ גאַנץ לעבן... אַ גאַנץ לעבן! און איך מיין, אַז אונדזער סוף וועט זיין ווי מיט אַנדערע פּאָרפעלקער, וועלכע האָבן אָנגעהייבן, ווי מיר. זשאַן און איך וועלן מיר האָבן געליבטע... און צייטנווייז טראַכט איך, צי ס׳וואָלט נישט געווען בעסער אַזוי, איידער צו פירן אַן אָרנטלעך, אָבער לאַנגווייליק לעבן?..״

פרעג מיך נישט מער, מיין טייער פאַרשווונדן גע־ שטאַלט, — יונג מיידל מיט די בוקעטן בלומען — איך האָב מורא זיך אַליין צו שטעלן דידאָזיקע שאלה און זיך צו ענט־ פערן. איך וויל בעסער וואַרטן אויף דער צוקונפט מיט אַן אומבאַוואָפנטער אונטערטעניקייט. וואָס וועט פון מיר מאַכן דאָס צווייטע יאָר, אויב דאָס ערשטע יאָר הייראַטס־לעבן האָט מיך אַזוי פאַרענדערט?

... איך באַשטים זיך אַליין אַ ראַנדעוווּ אינם צוקונפטיקן יאָר, אין דערזעלבער דאַטע... ליידער, איך האָב מער קיין דרייסטקייט נישט צוצוגעבן: „מיין גאָט, מאַך איך זאָל זיין גליקלעך!״

• • • • • • • • • • • • • • • • •

## II

# דער אָוונט פֿון דער ערשטער זינד

... מיין מאַן האָט זיך געלייגט. ער שלאָפֿט. דורך דער אָפֿענער טיר, צווישן אונדזערע ביידע צימערן, הער איך דעם ריטמישן אָטעם, איבערגעריסן פֿון צייט צו צייט דורך אַ לייכטן שנאָרכן, וואָס דויערט נישט לאַנג. איצט נאָר וואָס, האָבן מיר זיך אָפּגעזעגנט אויפֿן שוועל פֿון צימער מיט אַ „גוטע נאַכט". ער האָט זיך לייכט צוגערירט מיט די ליפּן צו מיין שטערן.

איצט, פּונקט ווי יעדער אָוונט, מאַך איך דעם בילאַנס פֿון מיין טאָג אין מיין פֿאַרטרויונגס-העפֿט. ס'טרייסלען זיך ביי מיר די פֿינגער. היינט, נאָך דרייסיק חדשים פֿון אָרנט-לעכן הייראַטס-לעבן, האָב איך צום ערשטן מאָל פֿאַרראַטן מיין מאַן. איך האָב אַ געליבטן.

פֿאַרוואָס אַזאַ געשעעניש, וואָס שפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין לעבן פֿון אַ פֿרוי, האָט אויף מיר געהאַט בלויז די ווירקונג, וואָס זי האָט אויפֿגערודערט מיינע נערוון? פֿאַרוואָס האָב איך אַזוי קנאַפּ געוויסנס-יסורים? ס'איז אפֿשר דערפֿאַר, ווייל איך האָב צו גוט און פֿון זייער לאַנג געקענט דאָס אָרט וווהין איך בין געגאַנגען זיך לוסטיק מאַכן. די פּאָריקע בלעטלעך פֿון מיין טאָג-בוך פֿון סוף-זומער פֿאַרצייכענען אויס-פֿירלעך די עטאַפּן פֿון מיין פֿאַרראַט. אפֿשר איז עס צוליב דעם וואָס מיין פֿאַרראַט איז געווען צו לייכט, צו זיכער, צו באַנאַל אָן אינצידענטן? אפֿשר דערפֿאַר, ווייל איך האָב נישט קיין האַרץ, ווי אַלע אַנדערע פֿרויען. אפֿשר דערפֿאַר, ווייל איך בין

נישט עמפינדלעך ? און דאָך האָב איך זייער שטאַרק גע-ליבט מיין מאַן כמעט צוויי יאָר ?

... איך האָף, אַז די נאַכט וועט אַדורכזיפּן מיינע גע-פילן און אויף צומאָרגנס ביים אויפשטיין, וועל איך וויסן, צי איך דאַרף לאַכן, אָדער וויינען ; צי איך דאַרף מיך באַגריסן, אָדער זיך פיינט האָבן. היינט אינאָוונט וועל איך מיך באַנוגענען צו פאַרצייכענען פינקטלעך וועגן דער גאַנצער פּאַסירונג, וועלכע איך וועל נאָכדעם לייענען מיט גרויס נייגעריקייט.

אַלזאָ, היינט, דריי אַ זייגער בין איך אַרויס פון שטוב און אַוועק צו אַוועניו מאָנטען צו דער באַרימטער גאַרסאָניערע *) וועלכע לודוויק האָט פאַר מיר אַזוי שטאַרק געריִמט, ס'איז אויפן פּאַרטער, אַ פינסטערער אַריינגאַנג. מען פרעגט נישט קיין שום דינער און מען גייט גלייך אַריין. דער נאָכמיטאָג איז געווען אַ אומעטיקער און אַ וואַרעמער, אָבער ס'איז נישט געגאַנגען קיין רעגן. איך בין אַוועק צופוס, כדי צו האָבן גענוג צייט צו טראַכטן. מיינע געדאַנקען, האָבן זיך אומגע-פער געדרייט אַרום אַ דעמדאָזיקן געדאַנק : „אויב לודוויק וועט צופעליק מוזן אַוועקגיין, אויב ער וועט צוליב עפּעס נישט קענען זיין אויף דער באַשטימטער ראַנדעוווּ, צי וועל איך זיין צעפרידן אָדער אין כעס".

טראַכטנדיק אַזוי, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וואָלט געווען צעפרידן.

אָבער לודוויק איז געווען אינדערהיים. ער האָט גע-היט מיין אָנקומען דורך דער האַלב-אָפענער טיר. דידאָזיקע טיר האָט זיך פון זיך אַליין אויפגעעפנט פאַר מיר און איך בין געבליבן שטיין אויג אויף אויג מיט מיין „חתן" אין אַ צימער אויפן אָריענטאַלישן שטייגער, ווי ביי אַ קליינע קאָקאָ-טע. וואָס שייך לודוויקן האָט ער זיך איבערגעטאָן אין בלויען, וואָס האָט אים גאָרנישט שלעכט געקליידט, און ס'האָט געשמעקט מיט גרויען אַמבער-וואַקס. ער האָט זיך נישט פאַר-

*) גאַרסאָניערע : אַן אויסגעלאַסן מיידל.

געסן מיר צו זאָגן דאָס וואָרט, וואָס איך האָב דערוואַרט: „ווי פיין ס'איז פון דיין זייט, וואָס דו ביזט געקומען!" און ער האָט מיך תיכף איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס, קושנדיק מיין שלייער און דאָס קניפּל פון מיין קאַפּאָט... נאָכדעם האָבן מיר זיך אַנידערגעזעצט אויף דער אָריענטאַלישער אָטאָמאַנע (פינף הונדערט פראַנק די פּרייז), און מיר האָבן זיך אויסגעטוישט מיט אַ פּאָר ווערטער וועגן דער טעמפּעראַטור. לודוויק האָט אַראָפּגעצויגן פון מיר מיין מאַנטל, מיין שלייער, עס אַוועקגעטראָגן און אַוועקגעלייגט אויף אַ טיש מיט אַזויפיל פאָרזיכט, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען געפערלעכע אויפרייס־שטאָף. נאָכדעם איז ער געקומען צוריק און זיך אַנידערגעזעצט לעבן מיר... מיר האָבן ביידע געשוויגן... כדי צו מאַכן אַ סוף דערמיט האָט לודוויק מיר פאָרגעלייגט צו באַטראַכטן די וווינונג. איך בין אים נאָכגעגאַנגען אין שלאָף־צימער, תמיד אָריענטאַליש, אָבער גרויס און געמיטלעך. נאָכדעם האָט ער מיך אַריינגעפירט אין טואַלעט־צימער.

לודוויק האָט מיר געמאַכט אויפמערקזאַם דערויף, אַז דאָ געפינט זיך „אַלץ וואָס מען דאַרף".

— ס'איז נאָך דאָ אַ צימער, ווו איך האַלט מיינע וואַליזעס און מיינע איבערמאַנטלען, — האָט לודוויק געזאָגט, — אָבער איך מיין, אַז איר ווילט עס נישט זען?

און, באמת, איך האָב דערביי גאָרנישט געהאַלטן. מיר זענען צוגעקומען צום שלאָף־צימער. לודוויק האָט אַ קוק געטאָן אויפן וואַנט־זייגער: ער האָט אָנגעוויזן אויף פינף מינוט צו פיר. דאָס האָט, ווייזט אויס, געהאַט אַ געוויסן איינפלוס אויף זיין ענערגיע. איך האָב אים געלאָזן טאָן, וואָס ער וויל. איך האָב געהאַלטן, אַז נאָך אונדזער שפּאַצירן אין אַ קאַרעטע מיט עטלעכע טעג צוריק, וואָלט פשוט געווען קאָמיש צו געבן אַ ווידערשטאַנד.

מיינע אַלע געדאַנקען האָבן זיך אין דער רגע קאָנצענטרירט אין אַ מין רויקער בייגעריקייט: „וויאַזוי דאָס אַלץ וועט אַדורכגיין". און דאָס אַלץ איז אַדורכגעגאַנגען אָן שום משונה־

דיקע צופאַלן, פאַר וועלכע איך האָב מורא געהאַט און וועלכע וואָלטן מיר געשטערט ווידעראַמאָל אַהער צו קומען. ביי לודוויקן ביז איך, קענטיק, נישט געווען די ערשטע אשת-איש. ס'פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיך גוט געהאַלטן, געווען גענוג צאַרט, באַשיידן, היציק. ליידער, בין איך געווען ביי דער מיינונג, אַז ער מאַכט אַן אָנשטעל, און דאָס, קענטיק, האָב איך אים געגעבן צו וויסן מיט מיין פנים, ווייל ער האָט צו מיר געזאָגט מיט אַ פאַרדאגהטן טאָן: „דו האָסט מיך נישט ליב סימאָן?” מיר האָט זיך, לפּחות, אויסגעדאַכט, אַז דידאָזיקע דאגה איז אַן אויפריכטיקע, און כדי אים אַרויסצווייזן מיין דאַנקבאַרקייט, האָב איך אים וואַרים אַ קוש געטאָן, זאָגנדיק צו אים: „ווען איך וואָלט דיך נישט געליבט, מיין פריינט, וואָלט איך דאָ נישט געווען”.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך א קוק געטאָן אויפן וואַנט-זייגער. ער האָט אָנגעוויזן אויף נאָך האַלב פינף... איך האָב אויפגעהערט צו זיין אַן אָרנטלעכע פרוי אין פיזיאָלאָגישסאָציאַלן זין פון דעם וואָרט.

די „נאָכן” תיכף נאָך דער געשעעניש זענען מיר, קענטיק, נישט געווען אזוי אָנגענעם; אָבער אין אַלגעמיין זענען זיי די ערשטע פאָר מאָל די זעלבע ווי אין הייראַטס-לעבן און אומזיסט הילט מען איין אין אַזאַ אומעט דעם הייראַטס-פאַרראַט. וויינקסטנס מיין „פאַרראַט”, איז ענלעך צו אַן איינפאַך מאַן-און-ווייב לעבן. מיין אומגעזעצלעכער „באַשערטער” האָט עטלעכע וואָכן מיך באַהאַנדלט, ווי אַ מאַן, די דאַטע פון פאַריייניקן זיך איז באַשטימט געוואָרן פאָרויס, ווי מיט אַ מאַן; וואָס שייך די זשעסטן און ווערטער זענען זיי אויך געווען די זעלבע. דער איינציקער חילוק איז דער, וואָס מיר האָבן נישט געמאַכט איצט קיין קליינע לוסט-רייזע.

מיר האָבן זיך צעשיידט. לודוויק און איך זענען מיר געווען אַ ביסל צעטראָגן, אָבער איך בין איבערגעצייגט, אַז ס'איז אונדז ביידן אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. לודוויק האָט געוואָלט מיך זען כאָטש אויפצומאָרגנס, איך האָב אים אָבער

געבעטן צו וואַרטן ביז דינסטיק. ער האָט נאָכגעגעבן, אויסבעטנדיק ביי מיר, איך זאָל אים מאָרגן שרייבן אַ „ליבע בריוו".

און דאָס אַלץ. דאָס אַלץ איז נישט זייער רירענד און נישט זייער קאָמיש.

געקומען אַהיים האָב איך מיין מאַן געזען נישט פריער ווי צו מיטאָג. אָרעמער זשאַן! תחילת האָט זיך מיר געוואָלט לאַכן. נאָכדעם איז מיין חשק צו לאַכן שנעל פאַרבייגעגאַנגען און ס'האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ געפיל פון רחמנות, אַ צאַרטער, אַן אויסטערלישער, וואָס מיין מאַן האָט אין מיר קיינמאָל נישט אַרויסגערופן... מיין מאַן האָט אַ מין געוווינהייט צו טרינקען, צו אָפּצוקערן קאַווע, צו שיילן באַרגעס, וואָס האָט מיך די לעצטע צייט אויפגערעגט, ווייל איך בין געווען נערוועז. אַלזאָ, אין דעמדאָזיקן אָוונט, האָט קיין איין זאַך מיך נישט אויפגערעגט. ווען איך האָב געזען, ווי ער האָט געבראָכן דעם צוקער אויף קליינע שטיקלעך, ווי ער האָט געשניטן די באַרגע אויף לאַנגע פּאַסן, אָדער ווי ער האָט געטרונקען, אויפהייבנדיק דאָס קליינע פינגערל, האָב איך צו זיך געזאָגט: „דאָך, ס'אַ גוטער יונג ער איז! אַ גאַנץ יאָר האַלט איך אים אין איין אויפרעגן!.. איצט בין איך אינגאַנצן שולדיק קעגן אים... ס'איז אַ מיאוסע זאַך, אָפּצונאַרן דעם מאַן... אָרעמער יונג! איך וועל אַלץ טאָן, אַבי קיינער זאָל דערפון נישט וויסן!"

אַ גאַנצן אָוונט האָבן מיר פריינטלעך געשמועסט. זשאַן איז פיל אינטעליגענטער פון לודוויקן, אַ לעבע־יונג, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געקענט אויפזאַמלען מער פון פופצן טויזנט פונט, וואָס ער האָט באַקומען בירושה פון זיין טאַטן). אָבער לודוויק איז פיין! ער האָט שיינע אויגן! ער איז אַן אויסגעצייכנטער געליבטער.

ווען מיר זענען אַריין אין אונדזערע צימערן, צו גיין שלאָפן, בין איך געווען אין אַ מאָדנעם נערוועזן צושטאַנד. מיר האָט זיך געוואָלט, אַז זשאַן זאָל זיין העפלעך, ער זאָל צושטיין צו מיר... אָבער ס'הייבט זיך גאָרנישט אָן... לעצטנס האָב איך אים זייער שלעכט אויפגענומען!... ווען ער וואָלט מיך גענומען

אין די אָרעמס און פונקט איצט אַ ביסל געגלעט, וואָלט איך מיך פאַנאַנדערגעוויינט און איך וואָלט מיך אין אַלץ מודה געווען...

ס'איז שוין בעסער, וואָס דאָס האָט נישט פּאַסירט.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

...מיט קליינע טריט בין איך אַריין אין זשאַנס צימער און צוגעגאַנגען צו זיין בעט. איך האָב מיך געזעצט לעבן זיין צוקאָפּנס; איך האָב געזען, ווי ער איז געשלאָפן אין טונקעלן צימער, באַלויכטן דורך אַ שטראַל, וואָס האָט זיך געצויגן פון מיין צימער... אַלע אונדזערע אַלגעמיינע ערינערונגען האָבן זיך אין מיר דערוועקט: די ערשטע חופּה־נעכט, די רייזע קיין איטאַליען. אונדזער טייער ליבעס=יאָר. עד! יאָ, איך האָב אים שטאַרק געליבט! און אָט ליבן מיר זיך שוין נישט מער, נישט בעקוקט דערויף, וואָס קיין שום וויכטיקע געשעעניש האָט אונדז נישט צעשיידט! פאַרוואָס? פאַרוואָס?

...איך האָב טרערן אין די אויגן. איך האָב מיך אָנגעלענט אויף זיין קישן. איך האָב אַ קוש=געטאָן מיין מאַן אין די האָר, נאָכדעם בין איך אַנטלאָפן צו זיך.

...אין אין דער רגע האָב איך נישט מער ליב לודוויקן:

איך בין אויף אים אין כעס, וואָס ער האָט מיך געהאַט..

ליידער! און דאָך ווייס איך גאַנץ גוט, אַז דינסטיק, דאָס הייסט איבערמאָרגן, וועל איך ווידער קומען צו אים!...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

III

## פון זינד — א קינד

... פון טאָג אָן, וואָס איך האָב פאַרראַטן מיין מאַן מיט לודוויקן, האָב איך בלויז געלעבט מיט דידאָזיקע געשעענישן.

אַזויווי איך האָב פאַרשפּראָכן לודוויקן צו קומען, האָב איך מיך פון באַגינען אָן אָנגעהייבן אָנצוטאָן, כדי אַרויסצוגיין. זשאַנען, וועלכער האָט מיך געפרעגט, וווהין איך גיי, האָב איך געזאָגט: „איך גיי אין לוור מיין טייערער". און איך האָב אים אַ קוש געטאָן אין שטערן, פונקט ווי אַלעמאָל אינדערפרי.

ביים עק פון אונדזער גאַס האָב איך געדונגען אַ דראָשקע; איך האָב מיך געהייסן פירן צום דאָקטאָר גרעניע. דאָס האָט ער קורירט פאָריקן יאָר מיין חברטע ראָזין, בעת זי איז געגאַנגען שווער צו קינד... ער האָט מיך געלאָזט וואַרטן גוטע אנדערהאַלבן שעה. אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב געוואַרט זענען אָנגעקומען אַנדערע פרויען, יונגע און אַלטע. די זקנות, נאָך וואָס קומען זיי אַהער?

ענדלעך איז אָנגעקומען מיין ריי. ווען איך האָב מיך געפונען אין קעגנוואַרט פון דעמדאָזיקן פערציק-יעריקן מאַן, הגם גרוי, אָבער פעסט און מונטער, און פאַר אים האָב איך מיך געדרייפט אויסטאָן, בין איך געוואָרן באַהערשט פון אַן אויסערגעווייגלעכער חרפה... וואָס איז עס אַזוינס חרפה? איך שפּאַציר דאָך אָרום אין אַזאַ פּאָזע פאַר מיין מאַן און לודוויקן... איך זע איצט, אַז מיין נאַרישע חברטע ראָזין איז גערעכט, ווען זי זאָגט מיט העזה:

„חרפה, דאָס איז אַזאַ זאַך, וואָס די מענער האָבן נישט".

דער דאָקטאָר האָט מיך אויסגעצויגן אויף אַ לאַנגן שטול, מיך אויסגעהאָרכט, געטאַפּט (ער האָט מיר דערלויבט צו בלייבן אין העמד) און מיר געמאָלדן, אַז איך בין שוואַנגער, אַז איך בין זייער גוט געבויט צו מוטערשאַפט, די שוואַנגערשאַפט און דער געבורט וועלן זיין פאַר מיר „אַ שפּילכל". דאָס זענען די ווערטער פון דאָקטאָר גרעניע. איך וואָלט עס שוין געוואָלט זען!

... פון דאָקטאָר בין איך אַרויס אַ צעפרידענע. נאָך צוויי יאָר פון קינדערלאָזיקייט, האָב איך שוין אויפגעהערט צו גלויבן, אַז איך וועל אַמאָל זיין אַ מאַמע. דאָס קליינס באַווייזט זיך אויף דער וועלט בלויז מיט אַ צען חדשימדיקער פאַרשפּעטי־קונג. ווען ער זאָל קומען צו דער צייט, וואָלט איך פאַרבליבן אַן אָרנטלעכע פרוי. אָבער די רייד זענען אומזיסטע, וואָס אָפּגעטאָן איז אָפּגעטאָן!

איך האָב דערפילט אַ נויטווענדיקייט תּיכף דערפון עמעצן צו דערציילן. איך האָב אַ זאָג געטאָן דעם קוטשער: „אַוועניו מאָנטען, צווייאונצוואַנציק". ס'איז געווען עלף אַ זייגער. לודוויק האָט נאָך געמוזט זיין אינדערהיים.

און איך האָב אים, באמת, געטראָפן אינדערהיים. ער איז נאָך געלעגן אין בעט און ער האָט זיך געחידושט, וואָס איך בין צו אים אַזוי פרי געקומען. ער האָט געמאַכט דעם אָנ־שטעל, ווי ער וואָלט געווען צופרידן מיט מיין וויזיט. איך בין אָבער געווען זיכער, אַז בעצם איז ער דערפון שטאַרק אומצו־פרידן, ווייל ער האָט צו אָפט געקוקט אויפן זייגער.

אָבער לעבן אַ יונגן מאַן, וואָס ליגט נאָך אין בעט און כאַפּט זיך אויף, ביזטו תּמיד אומגעריכט!... איך האָב אים גע־בעטן, ער זאָל זיין רויק, ווייל איך וויל אים דערציילן אַן ערנסטע זאַך.

איך מוז מודה זיין, אַז דידאָזיקע ערנסטע זאַך האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ שלעכטער שטימונג. ווען איך האָב אים דערציילט וועגן מיין אונטערזוכונג ביים דאָקטאָר איז ער גע־וואָרן פאַרדאגהט. ער האָט געזשמועט מיט די אויגן און גע־

שטאַמעלט: „אַ נייע מעשה!" איך האָב אויף אים געקוקט און קיין וואָרט נישט גערעדט. ער האָט מיך אַ פרעג געטאָן:

— און וואָס רעכנסטו צו טאָן?

— אָבער, מיין טייערער... איך וועל טאָן, וואָס אַלע פרוי-ען טוען... איך וועל אָפּוואַרטן ביין חדשים...

— און וואָס וועט זאָגן דערויף דיין מאַן?

לודוויק איז געווען זיכער, אַז איך האָב נישט קיין שום באַציונגען מיט מיין מאַן. ס'איז אַ שטותעריי! איך קען נישט פאַרשטיין ווי אַזוי אַ בחור אין זיינע יאָרן, וואָס לעבט שוין נישט מיט דער ערשטער אשת-איש זאָל אים קענען איינפאַלן אַזאַ געדאַנק, אַז אַ פרוי קען אָפּזאָגן דעם מאַן און לעבן מיט אים צוזאַמען. אָבער וואָס גייט עס מיך אָן.ביים אָנהייב פון אונ-דזער ליבע האָט ער גענומען ביי מיר אַ צוזאָג, איך זאָל מיך מער נישט אָפּגעבן מיין מאַן. אַ גאַנצן חודש האָב איך גע-האַלטן וואָרט. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס איך האָב געקענט אויפטאָן, און איך האַלט, אַז ווייניק פרויען וואָלטן אויף מיין אָרט כאָטש דאָס געקענט אויפטאָן.

איך האָב היינט געזען, אַז לודוויק האָט געשיקט צו אַל-דע רוחות מיין פלומרשטיקע טרייקייט.

— אַלזאָ! — האָט ער געזאָגט — זענען מיר פיין באַ-קליידט!

פאַרשידענע מינים הערלעכע פאָרשלאָגן זענען אים געלעגן אויף די ליפּן. איך האָב עס פאַרשטאַנען: פאַרניכטן דאָס קליי-נע ווען, וואָס האָט זיך נאָך אין מיר נישט באַוועגט; אָדער מיך הייסן זיך ווידער אָ:געבן מיין מאַן, כדי ער זאָל מיינען, אַז ער איז דער טאַטע.

— גאָט מיינער! ווי נידערטרעכטיק די מענער זענען, ווי געמיין און גרייט אויף אַלץ אין דער וועלט.

איך האָב אָבער געהאַט דעם תענוג, נישט צוצונעמען ביי אים זיינע באַאומרויקונגען. אדרבה, איך האָב זיי נאָך פאַרשטאַרקט, טענהנדיק, אַז איך וועל תמיד בלייבן זיינע, בלויז זיינע, און אַז איך האָב נישט בדעה זיך צו ווענדן צו אַקושערקעס. ס'אַרא

אויגן ער האָט אויף מיר אויסגעגלאָצט!... איך בין געווען זיכער, אַז אָט-אָט צערייסט ער מיך!

איך האָב געוואָלט מאַכן א פרווו. איך האָב מיך אויפגעהייבן אינדערהעלפט, זיך אויסגעצויגן אויפן בעט. איך האָב צוגעדריקט מיין באַק צו לודוויקס באַק. פאַר דעם, ווי איך האָב אים געמאכט די פאַרטרוינג, וואָלט עס שוין לאַנג נישט געדויערט... אָבער אָט האָסטו דיר! אָבער איצט ווייסנדיק, אַז איך בין שוואַנגער, האָט עס אים, קענטיק, אַביסל אָפּגעשטויסן פון מיר... ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז וואַרעם צו מיר, אָבער זיינע אַלע אויפריכטיקע אָנשטרענגונגען האָבן צו גאָרנישט דערפירט (זיין אייגן-ליבע איז מסתם געווען באַרירט), ער איז די גאַנצע צייט פאַרבליבן אומעטיק...

זייער אַ שלעכטע מעשה!

אַן אַנטמוטיקטע האָב איך מיך אַריינגעזעצט צוריק אין מיין דראָשקע. איך האָב געהייסן דעם קוטשער צויאָגן, ווייל איך האָב שוין געדאַרפט זיין אויף פרישטיק אינדערהיים.

אויפן וועג האָב איך מיך פאַרטיפט אין מיינע געדאַנקען. צי איז דאָס קינד, באמת, פון לודוויקן? מכתּם יאָ; ווייל לודוויק האָט מיך דאָס יאָר ליב געהאַט צען מאָל אַזויפיל, ווי מיין מאַן... אָבער אינדעראמתן האָב איך גאָרנישט געוווסט. ס'איז נישטאָ קיין ריכטיקער סימן פאַר אַ פרוי, וואָס גיט זיך אָפּ צו צוויי מענער. ס'איז בלויז דאָ א געפיל, וועלכער האָט אַן אויסערגעוויינלעכן כּוח, און מיין געפיל צייגט מיך איבער, אַז לודוויק איז דער אמתער טאַטע...

אינדערהיים האָט זשאַן אויף מיר געוואַרט. איך האָב פאַרשפּעטיקט אויף אַ האַלבע שעה. דער אָרעמער זשאַן האָט מיר קיין שום פאָרוווּרף נישט געמאַכט, ער איז געווען פריילעך און באַגייסטערט, ווי תמיד. ס'אַראַ אויסגעצייכנטער מאַן! ס'איז דאָך אַ מאַן!

מיר האָבן געשמאַק געגעסן, ביי זייער אַ גוטער שטימונג. איך האָב צו אים געזאָגט: „איך האָב זייער וויכטיקס דיר צו דערציילן; איך וועל דיר עס דערציילן, ווען מיר וועלן זיין אין

אַ צוקערניע". ער איז צוגעשטאַנען, איך זאָל אים תיכף דער־ציילן, אָבער איך האָב הנאה געהאַט פון זיין אומגעדולד.

ווען די קאַווע איז געשטאַנען אויפן טיש, האָב איך מיך געזעצט אויף זיינע קני און שטיל אין אויער האָב איך אים מיט האַלבע פראַזן צוזאַמען מיט קושן אַריינגעשושקעט דעם גאַנצן סוד.

איך האָב געמיינט, אַז ער פאַלט אין חלשות פון גייסט־באַוועגונג. ער האָט מיך געקושט, געלאַכט, געוויינט, ער איז געשפרונגען אין עס־צימער ווי אַ קליין קינד... „מיין קליין, טייער ווייבעלע! צי איז דאָס אמת? צי איז אמת, אַז דו האָסט אַ באָבעלע? פאַרוואָס האָסטו עס מיר פריער נישט דערציילט, פאַסקודנע!... ס'איז מיר אפילו אין קאָפּ נישט אַריין".

ער האָט מיך געטאַפּט, ער האָט מיך געהייסן זיך שטעלן גלייך, אין פּראָפיל, כדי זיך איבערצוצייגן, צי „מען זעט" (פון איין חודש!)

אַ גאַנצן טאָג האָט ער נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט מיר, ער האָט מיך געהאַלטן אין איין גלעטן. מען האָט געקענט מיינען, אַז מיר זענען נאָך אין האָניק־חודש. איך פאַרשטיי, אַז היינטיקן אָוונט וועט ער אַריינקומען אין מיין צימער.

און איך טראַכט מיך, אַז דאָס, וואָס ס'האָט מיט מיר פּאַסירט איז אַ טרויערדיקע און רירעוודיקע איראָניע. דאָס קינד, וואָס איך טראָג אין מיינע געדערים, וועלכעס איז באַשטימט נישט פון מיין מאַן, וועט מיך דערנענטערן צו מיין מאַן און דערווייטערן פון מיין געליבטן...

IV

## צוויי טאַטעס

אַרויסגייענדיק פון לודוויקן, אין טאָג ווען איך האָב אים געמאָלדן פון מיין שוואַנגערשאַפט, האָב איך באַשלאָסן שוין קיינמאָל אַהין נישט צו גיין. די זעונג איז געווען אַזאַ טרויעריקע, זי האָט מיר באַוויזן מיין געליבטן אין אַזאַ בייזע פּאָזע, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין שום חשק אים מער צו זען. איך האָב אַפילו אויפגעהערט זיך צו קאָרעספּאָנדירן מיט אים און די גאַנצע אוואַנטורע, פון וועלכער איך בין געוואָרן אַ מאַמע, האָב איך געהאַלטן פאַר ערליידיקט.

אָבער מיין מאַן, אַריינקומענדיק נעכטן נאָך זיין טעגלעכן שפּאַציר, האָט צו מיר געזאָגט:

— איך בין געווען אויף דער אַווענו מאָנטען, כדי אַ קוק צו טאָן, וואָס מאַכט אונדזער פריינט לודוויק.

איך האָב מיך נישט געבלאָזן. איך האָב געפרעגט:

— וואָס מאַכט ער?

— ווען איך האָב אים באַשולדיקט, פאַרוואָס ער באַזוכט אונדז נישט שוין אַ גאַנצן חודש און ער האָט זיך אָנגעהייבן באַרעכטיגן, האָט ער מיר אַרויסגעוויזן שטאַרק צעטומלט... ער האָט דערקלערט, אַז ער האָט געמוזט אַוועקפאָרן, צוליב עפּעס אַ קליינע ירושה. צווישן אונדז גערעדט, האַלט איך, אַז דאָ איז געווען פאַרמישט עפּעס אַ פרוי, און צוליב איר, האָט ער אונדז פאַרלאָזט. ער איז אַ גאַנץ רייכער מאַן... ער האָט מיך באַגלייט ביז צום קלוב; איך האָב אים באַטראַכט: ער איז באמת אַ שיינער יונג.

און אַזוי־ווי איך האָב גאָרנישט געענטפערט, האָט זשאַן צוגעגעבן:

— איך האָב אים אויף מאָרגן פאַרבעטן צום פרישטיק.

איז עס נישט קיין שטות? ס'איז מיר געווען אָנגענעם צו הערן, אַז דערדאָזיקער יונג, וועלכן איך ליב שוין מער נישט, וואָס האָט מיך באַהאַנדלט זייער מיאוס, וועט ווידער זיך באַווייזן ביי אונדז, וועט זיצן ביי אונדזער טיש, ווי אַמאָל, איך וועל אים הערן רעדן און לאַכן. חוצדעם בין איך געווען צופרידן, וואָס איך האָב נישט געדאַרפט קומען די ערשטע. מיין מאַן אַליין האָט אים געבראַכט. ס'איז זייער פיין פון זיין זייט.

איך האָב דערפון געטראַכט אַ גאַנצן אָוונט און היינט אינדערפרי, אויפכאַפנדיק זיך, איז מיר דער געדאַנק ווידער אַרויף אויפן זינען. נאָכדעם האָב איך אַליין אָנגעהייבן צוצו־גרייטן די מאכלים צום פרישטיק. איך האָב געגעבן באַפעלן דער דינסט, אַזוינס פון וואָס איך האָב מיך שוין געהאַט אָפּגעוווינט. זשאַן האָט דאָך אַזעלכע קליינע פאָדערונגען! איך האָב גע־מאַכט מיין טואַלעט און איך בין מודה, אַז איך האָב זיך קאָ־קעטיש אויסגעפּוצט... צום גליק, זעט מען אויף מיר נישט אָן די שוואַנגערשאַפט. בלויז די ברוסט איז אַ ביסל צו פעסט; די קאָליר איז ביי מיר כסדר אַ העלע.

לודוויק איז אָנגעקומען עטלעכע מינוט פאַר מיטאָג. דאָס דינסט־מיידל האָט אים אַריינגעלאָזט אין זאַל, נאָכדעם איז זי אַריין מיר מעלדן מיטן אַמאָליקן אַקצענט, און דערפון האָב איך מיך געפרייט, גלייך ווי איך וואָלט געפונען אַ שטיק פון מיין פאַרלוירן לעבן.

— מאַדאַם... ס'איז מסיע לודוויק.

— זאָגט דעם הער, ער זאָל אים אויפנעמען — האָב איך געענטפערט — איך בין באַלד פאַרטיק.

אמת גערעדט, בין איך שוין געווען גרייט, אָבער איך האָב זייער נישט געוואָלט פאַרבלייבן אויג אויף אויג מיט לודוויקן.

איך בין אַרויס פּונקט צו פרישטיק. זשאַן און לודוויק האָבן פריינטלעך געשמועסט. דערזעענדיק מיך, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן רעדן. ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז ער איז בלאַס געוואָרן. מיר האָבן זיך דערלאַנגט די הענט. איך האָב געמאָלדן, אַז דער פרישטיק איז גרייט און איך האָב אים גענומען אונטערן אָרעם. אין קאָרידאָר, האָט ער מיך שטאַרק צוגעדריקט צו זיך... זשאַן איז אונדז נאָכגעגאַנגען.

שטאַרק פריילעך איז נישט געווען ביים פרישטיק. מיין מאַן איז צוגעשטאַנען צו לודוויקן, ער זאָל אים אויפקלערן די סיבה, פאַרוואָס ער איז די גאַנצע צייט ביי אונדז נישט געווען. ער האָט כסדר געהאַלטן, אַז עפּעס אַ פרוי איז דאָ דאָ אינמיטן. נאַטירלעך האָט לודוויק נישט געקענט זאָגן „יאָ" אין מיין אָנוועזנהייט. נאָכדעם האָט זשאַן אָנגעהייבן צו מאַכן אָנצוהערעניש וועגן מיין צושטאַנד. ער האָט דערפון הנאה געהאַט; איך האָב דערפון געליטן. ענדלעך האָבן זיי פאַרפירט אַ שמועס מכוח אַ בערזע-געשעפט: איינער האָט געטענהט, אַז די גאָלד-גרובן אין דרום-אפריקע זענען אַ גוטער ענין, דער צווייטער, אַז ס'טויג אויף כפרות... איך האָב דערפון קיין שום באַגריף נישט געהאַט; איך האָב געשוויגן; איך האָב באַטראַכט לודוויקן. וואָס פאַר אַ שיינער יונג! וואָס פאַר אַ פיינע אויגן ער האָט, וואָס פאַר אַ ציין, וואָס פאַר אַ הענט. ווי עלעגאַנט ער איז, באַזונדערס זייט ביי זייט מיט מיין אָרימען זשאַן, וועלכער לייגט קיין אַכט אויף קיין זאַך נישט! אָפן גערעדט, אויב דאָס קינד דאַרף זיין געראָטן אויף איינעם פון די ביידע, וואָלט איך שוין געוואָלט, אַז ס'זאָל זיין געראָטן אין לודוויקן, און כדי ס'זאָל זיין אין אים געראָטן, האָב איך אים שטאַרק אָנגעקוקט.

ווען דאָס עסן האָט זיך פאַרענדיקט, האָט מיין מאַן באַלד געמוזט אַוועקפאָרן אויף דער בערזע. לודוויק האָט מיט אים געוואָלט מיטגיין, אָבער זשאַן איז צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל האַלטן מיט מיר געזעלשאַפט, ווייל ער, לודוויק, האָט סיי ווי סיי גאָרנישט וואָס צו טון. איך האָב איבערגעלייענט אין די אויגן

פון מיין אַלטן פרייגט א מין פראַגע, א באַשיידענע בקשה, און מיינע אויגן האָבן אים געענטפערט: „בלייב!"

די ערשטע רגעס פון אונדזער צוזאַמענזיין אַליין אין זאַל זענען אַריבער אין שווייגן. מיר זענען געווען שטאַרק צעטומלט. דער ראָמאַן „טערעזינע" פון אַלבערט דעלפּי, וועלכן איך האָב געהאַלטן ביים פאַרענדיקן און איבער וועלכן איך האָב אַ שפּאַר ביסל טרערן פאַרגאָסן, איז געלעגן אויפן טיש. איך האָב עס גענומען און אים צעשטרייט געפרעגט:

— צי האָט איר עס געליינט? ס'איז זייער אַ פיין בוך.

אָבער ער האָט מיר גישט אָפּגעענטפערט. ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט אויף די קני פאַר מיר, אָפּגענומען מיינע הענט פון בוך, וועלכעס איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, און זיי באַשאָטן מיט קושן, שנעל, שנעל, שטאַמלענדיק דאַבײ בלויז מיין נאָמען! סימאָן!

און ווען איך האָב געפילט זיינע ליפּן אויף מיינע הענט, האָב איך מיך אַרומגעזען, אַז איך בין גליקלעך, וואָס ער איז לעבן מיר, אַז מיר האָבן זיך נאָך ליב, אַז די צוקונפט וועט אונדז נאָך אויך ברענגען גליק... ער האָט זיך באַגייסטערט און, מיינענדיק, אַז ס'האָבן זיך צוריקגעקערט די אַלטע גוטע צייטן, האָט ער פאַרלוירן דעם קאָפּ. ווען מיר איז געלונגען אים צו באַרויקן, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און מיר האָבן גאַנץ אָנשטענדיק געשמועסט. ער האָט מיר דערציילט, אַז במשך פונעם חודש, וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען, האָט ער שטאַרק געליטן; איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב אויך שטאַרק געליטן. ס'איז נישט אמת; מיר האָבן ביידע נישט געליטן; מיר ווייסן עס גאַנץ גוט. אמת איז אָבער דאָס, אַז מיר וואָלטן איצט געליטן, ווען מיר וואָלטן זיך ווידער גע-שיידט... נאָכדעם האָט ער מיך געפרעגט, וויאַזוי זשאַן האָט אויפגענומען די ידיעה פון מיין שוואַנגערשאַפט.

— איך האָב אים איינגערעדט, — האָב איך געזאָגט, — אַז ער איז באַגאַנגען דעמדאָזיקן חטא, ווען ער איז איינמאָל געקומען גאַנץ שפּעט פון סענט־באַרב־קלוב.

לודוויק האָט געגלויבט. צי האָט ער באמת געגלויבט? ס׳קען זיין, אַז ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער גלויבט.

און שפּעטער האָבן מיר זיך פאַנאַנדערגערעדט וועגן דעם עופהלע. ער האָט מיר געפרעגט שאלות, וואָס איך לעב איבער; איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער איז דאָך צופרידן, פונקט ווי אַלע מענער זענען שטאָלץ דערמיט, וואָס זיי האָבן אַ קינד. ביי געוויסע פראַזן האָבן מיר זיך שטאַרקער געדריקט איינער צום אַנדערן. ווען איך זאָל וויסן, אַז קיינער וועט אונדז נישט שטערן, ווייס איך נישט, וואָס ס׳וואָלט נאָך געקענט פאַסירן... ווען איך האָב אָנגעהייבן צו פילן, אַז מיין ווילן ווערט ביי מיר אָפּגעשוואַכט, האָב איך לודוויקן משלח געווען, צוזאָגנדיק אים, אַז איך וועל קומען צו אים מאָרגן פרי.

איצט, אַז איך בין שוין איינע אַליין קען איך מיך נאָך אַלץ נישט באַרויקן פון דידאָזיקע ליבעס־מאָמענטן. איך וואָלט געוואָלט, אַז עמיצער זאָל זיצן לעבן מיר, זאָל מיך גלעטן און ריידן צו מיר זיסע ווערטער.

...דאָך בין איך צופרידן, וואָס לודוויק האָט שוין פאָרויס ליב דאָס עופהלע. גליקלעך קינד! איך זע שוין פאָרויס, אַז עס וועט, באמת, האָבן צוויי טאַטעס.

ט

# מוטערשאפט.

... פון נעכטן אָן האָט מען מיר צום ערשטן מאָל נאָך מיין קימפעט דערלויבט צו האָבן דאָס קינד לעבן זיך. איך האָב געזאָגט, אַז איך פיל מיך גוט און אַזויווי דער פיבער האָט מיך אָפּגעלאָזן, וויל איך אויסנוצן די געלעגנהייט, כּדי צו שרייבן מיין מאַמען. איינדערהאמתן האָב איך געוואָלט ערנסט אַ שמועס טאָן מיט זיך אַליין, געוואָלט אויף אַ רגע זיך באַ־פרייען פונם דאָקטאָר, פון דער אב און הויפּטזעכלעך פון מיין מאַן.

מיין מאַן! אָבער דאָך ווי אויסגעצייכנט ער האָט זיך געהאַלטן, דער טייערער יונג ביי די לעצטע געשעענישן, אַ גאַנצן חודש האָב איך אים נישקשהדיק אויסגעמאַטערט מיט מיינע משוגעת'ן! ער האָט תּמיד ליבלעך צוגעשמייכלט, ווי אַ טאַטע, פּונקט ווי מיינע קאַפּריזן וואָלטן אים פאַרגעניגן פאַר־שאַפט. יעדער רגע פלעג איך אים דערמאָנען, אַז איך ווער אַ מאַמע, אַז אינגיכן וועט צוקומען אַ ניי באַשעפעניש אין שטוב, וועלכע וועט רודערן, שרייען, מאַכן יללות — אַ באַשע־פעניש פון זיין אַרבעט.

ווייל קיין איין איינציקע רגע האָט זשאַן נישט געצווייפלט, אַז דאָס קינד איז נישט זיינס!

און איך מוז מודה זיין, אַז זיין צוטרוי, זיין פריד האָט מיך אויפגערעגט. צוליבן טעות, אין וועלכן ער האָט געלעבט האָבן אַלע זיינע ליבע־ווערטער און דערוואַרטונגען באַקומען אַ קאָמישן און נאַרישן כאַראַקטער. איך האָב עס אַלץ נישט גע־

קענט פאַרטראָגן, איבערהויפּט מײן מאַן, וועלכער האָט זײ אַרויסגעזאָגט. אָט דערדאָזיקער נערוועזער צושטאַנד מײנער האָט שיער צוויי אָדער דרײ מאָל נישט אַרויסגעריסן מײן סוד. יאָ, צוויי אָדער דרײ מאָל בין איך שוין געווען גרײט צו אים אַ געשרײ צו טאָן:

— שווײַג! נישט פון דיר בין איך שוואַנגער: ס'איז פון לודוויקן, דו פאַרשטײסט? פון לודוויקן, לודוויקן, לודוויקן!...

און איך פלעג מיך אײנקאָרטשען אויף מײן לאַנגן שטול, כדי נישט צו הערן דאָס, וואָס ס'זאָגט צו מיר זשאַן, כדי צו קענען טראַכטן וועגן דעם אָבוועזנדן...

אין די לאַנגע שעהן פון מײן אומבאַוועגלעכקײט און אָפּגעשלאָסנקײט האָב איך אים, דעם אמתן טאַטן, געוואָלט זען לעבן זיך; ער וואָלט מיך געווײלט און באַרויקט, נישט געקוקט דערויף, ווען ער וואָלט מיר אַפילו געזאָגט דיזעלבע ווערטער, וועלכע זענען געווען קאָמיש און העסלעך פאַר מיר, הערנדיק זײ פון זשאַנס מויל. אָבער ער איז געווען ווײַט פון מיר. פונקט ווי אין יעדן ווינטער, האָט ער פאַרלאָזט פּאַריז; ער איז אין ניצע, אין קאַן, אין היער; איך ווײס אַפילו נישט ווו. ווײל ער האָט מיר נישט געשריבן — ווי ער האָט געטענהט — אויס פאָרזיכטיקײט. ער איז געווען אין דער מײנונג, אַז בריוו אַדרעסירט צום ווײב, ווערן בלי ספק אויפגעעפנט דורך עמיצן פון שטוב: דורך דער דינערשאַפט אָדער פון מאַן. אפשר דאַרף מען טאַקי זײן אַזוי פאָרזיכטיק! אָבער בעת איך בין דעגערווירט און קראַנק, וואָסער עגמת-נפש איז עס פאַר מיר נישט צו באַקומען קײן שום ידיעות פון מײן קינדס טאַטן!... אַך! שרעקלעך, שרעקלעך איז צו ווערן אַ מוטער פון פּאַרדאַט!...

די וועלכע האָבן עס נישט איבערגעלעבט קענען גאָר נישט באַגרײפן די יסורים, וועלכע מען לעבט איבער. די פרײד וואָס מען ווערט אַ מאַמע, בעת דאָס קינד איז גאָר קלײן און מען קען עס נאָך נישט ליבן, צי האָט מען דעמאָלט נישט דאָס געפיל, אַז די ליבע-ציטערניש, וואָס מען באַקומט פון פ ר ײ נ ט איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, אַז ס'איז אין

ליב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אונדזערע געדערעם, אַז אַ טייל פון אים צאַפּלט זיך אין אונדז? און דעמאָלט וואָלט מען גע-וואָלט אַנטלויפן אין זיינע אָרעמס און צו אים זאָגן:

— זע נאָר ווי נערוועז איך בין, ווי קראַנק, ווי ס׳ווילט זיך מיר וויינען... דיין צורירונג צו מיר, מיין געליבטער, האָט געהאַט אויף מיר אַזאַ סודותפולע ווירקונג. נעם מיך, דריק מיך צו צו דיר. גלעט מיך, קוש מיך, טרייסט מיך. איך לייד צוליב דיר; אָבער איך ליב דידאָזיקע יסורים, וועלכע האָבן זיך גענומען דערפון, וואָס מיר האָבן זיך גוט געליבט!

ליידער! בעת מען ווערט אַ מוטער פון פאַררעאַט איז אַ גאַנץ אַנדער זאַך. דער מאַן, וועלכער דרייט זיך אַרום אונ-דזערע ליידן, שעפּנדיק נחת, וואָס דורך אונדז שפּראָצט ווי-דער אויף זיין אייגן לעבן, איז פאַר אונדז גאָרנישט, ער איז פאַר אונדז אַ מאַמע. די טרייסט און די וואַרעמקייט מיט וועלכע ער איז אונדז מכבד זענען אונדז אַזוי גלייכגילטיק, ווי דעם דאָק-טאָרס וואַרעמקייט, בעת זיינע וויזיטן. אָבער דער דאָקטאָר, ווייניקסטנס, פאַרדרייט נישט דעם קאָפּ מיט די פּאַטערלעכע פאָדערונגען... יעדעס וואָרט פון דידאָזיקע פאָדערונגען, פאַר-ווונדן די סאַמע איידלסטע געוועבן פון אונדזער האַרץ; ס׳איז אַ באַליידיקונג פאַרן אָפּוועזנדן פריינט, אַ מין פרווו פון גנבה איבערן קינד, וועלכעס געהערט גאָרנישט צו אים... אָבער מען מוז אָוועקטרייבן פון זיך דעם חשק — אַרויסצו-זאָגן דעם גאַנצן אמת; בעת מען איז אין אַזאַ נידערגע-שלאָגענע לאַגע, ווי איך איצט, טאָר מען זיך נישט פאַרגעסן, מען מוז זיין פאָרזיכטיק!...

פאַר די פאַרגעניגנס פון מיין אומטרייקייט האָב איך אָפּגעצאָלט מיט די לעצטע חדשים שוואַנגערשאַפט, געפינענדיק זיך שטענדיק אונטער דער השגחה פון מאַן.

משטיינס געזאָגט, די פאַרגעניגנס! ווען איך פאַרטראַכט מיך דערויף, מאַך איך פון זיך אַליין חוזק, אָדער איך וויין!

מסתם האָב איך אַן אַנדער האַרץ, ווי ביי אַלע אַנדערע פרויען, אָדער עפּעס אַן אומגליקלעכער צופאַל האָט געשפּילט

אַ ראָלע אין מיין אַוואַנטורע. ווייל איך קען איצט בשום אופן נישט משיג זיין, וויאַזוי די פּאַראַט־ליבע, וואָס ווערט אַזוי פיל באַזונגען פון פּאָעטן און באַשריבן פון ראָמאַניסטן, האָט מיך געקענט צווינגען צו קומען צו לודוויקן צוויי מאָל אַ וואָך, אין משך פון זעקס חדשים.

איך שווער אויף מיין געוויסן און מיטן קאָפּ פון מיין ניי־געבוירענער טאָכטער, אַז די זעקס חדשים האָבן מיר נישט געגעבן קיין איין געפיל פון גליק, וואָס זאָל מיך באַלוינען פאַר דער פאַרלוירענער צייט און פאַר דער סכנה, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען. די חתונה האָט מיר, לכל הפחות, צו־ערשט געגעבן די אילוזיע, אַז איך ווער שטאַרק געליבט; און איצט נאָך פיל איך, אַז זשאַן האָט מיך ערנסט ליב, ווי קיי־נער אין דער וועלט נישט... בעת לודוויק!... פון ערשטן טאָג און ביזן לעצטן, האָב איך קיין רגע נישט געטראַכט צו באַ־קומען פון אים אמתע ליבע און איבערגעבנקייט. איך בין געווען פאַר אים אַ צייט־פאַרטרייבונג, און דאָס אַלץ... פון מיינע וויזיטן ביי לודוויקן זענען פאַרבליבן אין מיינע ערי־נערונגען עטלעכע רגעס פון אויסגעלאַסנקייט!

מיר האָט עס דעמאָלט געשמעקט, און נישט געקוקט אויף דער שרעקלעכער פוסטקייט מיט וועלכער מיין האַרץ איז געוואָרן אָנגעפילט, האָב איך דאָך זיך דערפון נישט געקענט אָפּרייסן!... אָבער די מאָראַלישע ליידן, דער קערפּערלעכער וויטיק האָבן איצט אָן ספק אָפּגעסמט מיינע געפילן... ווייל מיט עקל, מיט פּחד דערמאָן איך מיך איצט וועגן יענע זנות...

איך האָב אַרויסגענומען מיין טאָכטער פון איר בעטעלע. איך האָב גענומען דעמדאָזיקן קנויל פון פלייש און ווינדעלעך אין די הענט אַריין. איך האָב צו איר גערעדט; איך האָב צו איר געזאָגט:

— אָרעם מיידעלע! דו ביזט אַראָפּגעקומען אויף דער וועלט ביי גאַנץ טרויעריקע באַדינגונגען, מיט אַ שטעמפּל פון שקר. דו ביזט געבוירן געוואָרן דורך אַ קאַפּריז, צוזאַמענגע־

שטעלט פון אַ פּאַריזער עגאָיסטקע און פון אַ פּאַריזער ליידיקגייער... צום גליק אָבער, זע איך, אַז דידאָזיקע פּאַרייניקונג האָט דיר געגעבן אַ פעסטן געזונטן קערפּער. אָבער וואָסער נשמה האָבן זיי דיר אַריינגעגעבן? ליידער! מיר האָבן פון דיר נישט געטראַכט אינם טאָג, ווען מיר האָבן דיך באַשאַפן! אך, אָרעם מיידעלע! אַזויווי דו ביזט שוין געבוירן געוואָרן, האָב איך דיך דאָך ליב, און איך וואָלט געוואָלט זאָלסט מיך מוחל זיין פאַר דעם גאַנצן שמוץ, אין וועלכער דו ביזט פון דיין געבורט אָן איינגעהילט, נאָך ענגער, ווי אין דיינע ווינדעלעך. איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל דיר געבן די בעסטע דערציונג. לעבן דיר וועל איך ווערן ריין, כדי זאָלסט קענען האָבן דרך־ארץ פאַר דיין מאַמען, הגם זי האָט זיך עס נישט פאַרדינט. איך וועל מיך באַמיען דיר אַריינצוגעבן דעם געשמאַק פון אַ פּשוט רעגלמעסיק לעבן. צווישן אויסגעלאַסנקייט און דיר וועל איך אָנוואַרפן פאַרשידענע שטערונגען, שטרענגע אויפזיכט, וועלטלעכע מנהגים, רעליגיע... איך וויל שוין בעסער זאָלסט זיין באַגרענצט, פול מיט פאָראורטיילן, אַ פאַנאַטיטשקע, אַבי זאָלסט בלייבן דאָס, וואָס דיין מאַמע איז שוין נישט מער: — אַן אָנשטענדיקע פרוי!...״

• • • • • • • • • • • • • • • • •

---

# דער קלײנער באָרדאָ

א בריוו פון מאדמאזעל עטיענעט לעקלערק, פערצן יאָר, צו
דער מאדמאזעל קלעמאנטין זשואסיע פון זעלבן עלטער.

דו דאַרפסט אויף מיר נישט זײן אין כעס, מײן קלײנע טײערע קלעמאַנטין, וואָס איך האָב דיר נישט געשריבן זינט די קאָנקורס־פרעמיעס אין קאָנסערוואַטאָריום. מען האָט אונדז דאָרט בײדן גוט אויפגערעגט, א דאַנק דער זשורי, וואָס האָט געשניטן אָן רחמנות. מסתם האָט געדאַרפט אַזוי זײן, אַז יענע פײגל זאָלן נישט האָבן קײן הערצער, כדי אונדזערע אויגן צו מאַכן װײנען! איך בין זיכער, אַז דו האָסט זיך שוין ענדלעך באַרויִקט, פּונקט ווי איך. אײן פּרעמיע מער אָדער װײניקער איז נישט ווערט קײן אויסגעבלאָזענע אײ. קײנער וועט נישט קענען אַרויסשלאָגן פון מיר דעם געדאַנק, אַז אונדזער צוקונפט, מײנע און דײנע, איז נישט אויפן פּיאַנע.

ווו בין איך געווען? אַך! איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך האָב דיר פריִער נישט געקענט שרײבן. דאָס איז צוליב מאַשאַרס טורנע, וואָס האָט זיך אָנגעהײבן פּונקט אין דער צײט פון די וואַקאַציעס. אין דעם טורנע נעמט אויך אָנטײל די גרויסע זינגערין פּאַוסטא לעקרערק, מײן שוועסטער, וועלכע דו קענסט. מײן מאמע פאָרט מיט איר נאַטירלעך מיט; זי זאָגט, אַז אזוי איז פיל אָנשטענדיקער. אָבער דאָס איז שוין אַ געשמאַק זאַך, נישט אמת? איך מוז דיר זאָגן, אַז מיט איר כאַראַקטער האָט זיך בײ פּאַוסטען קײן דינסט קײנמאָל נישט גע־קענט אײנהאַלטן מער פון פיר און צוואַנציק שעה; דער מאַ־

מען פלעגט תמיד אויסקומען אויסצושטיין פון איר. וואָס שייך מיר, האָט מען מיך מיטגענומען, ווייל מען האָט דאָך מיר, קענטיק, נישט געקענט איבערלאָזן אויף דער גאַס. אָבער קיינמאָל לאָזט מען נישט אַדורך קיין געלעגנהייט מיר צו געבן אָנצוהערן, אַז איך קאָסט אָפּ אַ סך און פאַרדין גאָרנישט; און איך פאָר אין דריטן קלאַס מיט מיין מאַמען, בעת פּאַוּסטאַ ליגט אויסגעצויגן ווי אַ פּריצה אין אַ „סליפּינג".

מיר זענען שוין אויסגעוועזן אין אָרלעאַן, אַנגוּליעם, באָרדאָ און אין טולוזע. אַך! באָרדאָ, ס'איז אַ פּראַכט! ס'איז אַ טואַלעטן, ס'איז אַ געשעפטן! אַ טעאַטער גרויס ווי די בערזע! אַלע קאָקאָטקעס האָבן זיך אַ האָטעל, מיין טייערע, אויפן בולוואַר קאָדעראַן! אָט דאָס איז אַ שטאָט, וווּ איך וואָלט געוואָלט פאַרבלייבן! קודם כל זעט מען דאָ יונגע לייט לרוב. זיי זאָגן, אַז זיי פאַרקויפן ווייַן. ס'איז גאַנץ מעגלעך, אָבער זיי מוזן דעם ווייַן פאַרקויפן אין דער נאַכט, ווייל בייטאָג און אָוונטצייט טוען זיי גאָרנישט...

איינער פון די דאָזיקע אויסטערלישע סוחרים, מיטן נאָמען זשיליען קאָלעראַק, 27 יאָר אַלט, וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ 19 יעריקן בחור, צאַרט און אָנגעשטאָפּט מיט געלט, האָט זיך פאַרליבט אין דער גרערויסער זינגערין, פּאַוּסטאַ לעקרערק, בעת אַ פאָרשטעלונג „דער מלך פון איס"...

אַזוי ווי מען האָט געדאַרפט נאָכפאָרן מאַשאַרן אומעטום אין זייַנע וואַנדערונגען, האָט פּאַוּסטאַ מיטגענומען מיט זיך איר געליבטן קיין טולוזע, וווּ מיר זענען געווען זאַלבעפערט. מיר אַלע, מיין שוועסטער, ער, מיין מאַמע און איך, האָבן מיר געפירט צוזאַמען אַ באַלעבאַטישקייט. אין דערזעלבער צייט פאַרקויפט מען דאָרט כסדר די ווייַנען פון דער מאַרקע זשיליען קאָלעראַק, וועלכע מען שטעלט צו אין דערהיים אין פּעסער, אין פלעשער, לויטן פאַרלאַנג. ווער פאַרקויפט זיי?

דו האָסט, מסתּמא, באַמערקט, אַז מיין עלטערע שוועסטער איז שטאַרק אייפערזיכטיק צו מיר. זי האָט פאַר אַלעמען כסדר געחזרט, אַז איך בין אַ „סמאַרקאַטקע", אַז איך האָב רויטע

הענט, איך האָב קיין ברוסטן נישט, אַז איך האָב אַ גרויסן מויל א. אז. וו... אָבער אין זיך האָט זי שוין מסתּם געמוזט מודה זיין, אַז איך הייב אָן צו ווערן שענער פון איר. און דאָס קאָסט איר געזונט? דו קענסט דיך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי דאָס פאַרדריסט איר. פון דער צייט אָן, וואָס דער „קליי־נער באָרדאָ" (אַזוי האָט מיין מאַמע אַ נאָמען געגעבן קאָלע־ראַקן) וווינט מיט אונדז איז פאַוסטאַ געוועזן שטאַרק נישט צע־פרידן מיט מיר. זי האָט די גאַנצע צייט אין קאָלעראַקס קעגנ־װאַרט געמאַכט חוזק פון מיר: „די קליינע איז פלאַך, ווי אַ ברעט", „די קליינע קעמט זיך מיט אַ טשוואָק", די קליינע קליידט זיך ווי אַ שנאָרערקע". איך וואָלט געוואָלט זען, וואָ־סערע קליידער זי, די גררוויסע זינגערין, האָט געטראָגן אין מיינע יאָרן. מיך האָט עס שטאַרק אויפגערעגט. פאַריקע וואָך האָב איך אָפּגעפּירט מיין שוועסטער אָן אַ זייט, און מיר האָבן געהאַט פאָלגנדיקן שמועס:

— צי האָסטו בדעה מיך כּסדר מבייש צו זיין פאַרן „קליינעם באָרדאָ"?

— איך האָב בדעה צו טאָן דאָס, וואָס מיר וועט געפעלן ווערן.

— אַלזאָ וועסטו מיך ווייטער פאַרשעמען?

— יאָ.

— דו האָסט מורא, אַז ער וועט זיך ארומזען, דאָס איך בין שענער פון דיר?

(דאָ איז מיין עלטערע שוועסטער געוואָרן אַ ביסל לע־בעדיקער).

— וואָס שענער פון מיר? אַ וואַזשנעם געשמאַק וואָלט ער געהאַט... צי מיינסטו, אַז דו קענסט דאָ באמת עפּעס אויפטאָן, סמאַרקאַטע?

— איך שטעל מיך פאָר, אַז מיר וואָלט אַריין אין קאָפּ צו פאַרטשעפּען דיין „קליינעם באָרדאָ", וואָלט עס מיר נישט שווער געוועזן.

— אַלזאָ! פּרווו!

— געמאַכט.

נאָך דעמדאָזיקן שמועס האָט מיין שוועסטער נאָך ערגער זיך באַגאַנגען מיט מיר אין דער קעגנוואַרט פון זשיליענען. איך האָב אַלץ געדולדיק איבערגעטראָגן ווי אַ מלאך. פון צייט צו צייט, ביים טיש, ווען דער „קליינער באָרדאָ" האָט מיך אָנגעקוקט, פלעג איך תיכף אנצילן מיינע אויגן אויף אים (דו ווייסט דאָך, די אויגן פון אַ בתולה, וועלכע מיר פלעגן מאַכן אין קאָנסערוואַטאָריע, בעת מיר האָבן געוואָלט מאַכן אַ שפּאַס מיט אַמבּרואַזן, ער זאָל קיין נעכט נישט שלאָפן). און איך פלעג שנעל אַראָפּלאָזן די אויגן, פּונקט ווי מען וואָלט מיך געפּאַקט ביי אַ פאַרברעכן... דערמיט האָב איך פאַראינטערעסירט דער יונגן קאַוואַליער. חוצדעם זענען דאָ קליינע פרעכע עצות, וואָס ס'איז זייער לייכט צו באַנוצן, ווען מען ווינט „אונטער איין דאך": איך האָב פאַרריכט די פּאָדוויאַזקעס, ווען ער האָט געקוקט, איך פלעג מיך באַווייזן מיט צולאָזטע האָר (דו קענסט דאָך מיינע שיינע האָר)... איינמאָל אַפילו האָב איך געמאַכט אַזאַ שפּיצל, אַז זשיליען האָט מיך געטראָפן ביים אויסטאָן זיך... אך! דאָס האָט אויף אים געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק. ער האָט זיך אַ רגע געוואַקלט. איך האָב אים גוט אָנגעקוקט דעמאָלט און שפּיגל. איך האָב געמיינט, אַז איצט וועט עס פּאַסירן... אָבער ניין, מיין טייערע. ער האָט זיך, קענטיק, מורא געהאַט. ער איז אַרויסגעלאָפן, און ווייסט וואָס ער האָט געטאָן? ער איז אַוועק צו פּאַוסטען אין צימער... די מענער זענען פּחדנים! — ווי מיין מאַמע זאָגט.

נישט וויכטיק, דאָס האָט אים אָנגעהייבן צו בייסן. ווען איך בין געווען דערביי, האָט ער נישט געוואַגט צו קושן מיין שוועסטער; דאָס האָט אים געשטערט. ער איז געווען צעחושט. נאָכדעם פלעגט ער צוקומען צו מיר בעת דער פאָרשטעלונג אין לאָזשע, ווען פּאַוסטאַ פלעגט זיין אויף דער סצענע. אין דידאָזיקע מאָמענטן פלעגט ער זיין רויק בנוגע פּאַוסטען; וואָס שייך מיין מאַמען, איז זי די גאַנצע צייט היפּנאָטיזירט, הען

איר טאָכטער זינגט. מען קען איר שטעכן מיט שפּילקעס און ס'אַרט איר ווי דער קאַץ. ער האָט מיך געפרעגט וועגן דער סיבה פון מיין אומעט, ער האָט מיר געמאַכט קאָמפּלימענטן... איך האָב אים אָפּגעענטפערט מיט קרעכצן, מיט אַ האַלבן מויל, ציטווייז מיט אַ טרער, וועלכן איך האָב נערוועז באַזייטיקט, פון אויג. נאָך עטלעכע אַזעלכע סעאַנסן האָב איך אים מודה געווען די סיבה פון מיין „סודותפולער דאגה". ער האָט מיך די גאַנצע צייט איבערגעריסן, מיין טייערע! ער האָט פאַרענדיקט מיינע פראַזן!... קורץ גערעדט, איך האָב אים דאָס געזאָגט: איך בין אומגליקלעך אינדערהיים, נישט דערפאַר וואָס מען באַקליידט מיך ווי אַ שלעפּערקע, נישט דערפאַר ווייל מען הייסט מיר טאָן אַלע אַרבעטן אין דער באַלעבאַטישקייט, נישט דערפאַר ווייל מען גיט מיר פון צייט צו צייט אַ פּאַטש, נאָר ווייל איך לעב אויפן חשבון פון מיין שוועסטער און אויף דער לאַסקע פון מיין מוטער, — דאָס וואָס מיין צאַרטע נשמה קען נישט פאַרטראָגן. איך בין גרייט, האָב איך אים געזאָגט צו פאַרלאָזן מיינע שלעכטע שפּייזער און ווי שנעלער אנטלויפן אין אַ קלויסטער, אָדער ערגעץ אַנדערש, וווהין די אויגן וועלן מיך טראָגן

„אין אַ קלויסטער, האָט מיר איבערגעהאַקט דער „קליינער באָרדאָ"... איר ווילט אייך אָפּזאָגן פון דער וועלט? צי ליבט איר דאָ קיינעם נישט?

— יאָ, — האָב איך געענטפערט דעם ליבלעכן תם; — איך ליב עמעצן... אָבער דעם וואָס איך האָב ליב טראַכט נישט פון מיר".

אַרויסגעזאָגט דידאָזיקע ווערטער, האָב איך אָנגעצילט אויף אים מיינע בתולה-אויגן, די אויגן פאַר אַמברואַזן. ער האָט פאַרשטאַנען, ער האָט מיך איינגעקליאַמערט אין זיינע אָרעמס; ער האָט מיך באַשאָטן מיט קושן (ער קושט אַפילו גאַנץ גוט, אַזוי זאָגט די מאַמע). ער האָט מיר געזאָגט, אַז מיין כאַראַקטער געפעלט אים, אַז ער וואָלט געוואָלט זיין דער אינסטרומענט פון מיין אויסלייזונג, אַז ער וועט מיר אָפּגעבן אין אַ קלויסטער, כדי צו פאַרענדיקן מיין לערע, און דערפאַר

וועט ער וועלן איך זאָל אים געבן אַ ביסל ליבע, ווייל ער פאַרגעטערט מיך.

„און פאַוסטאַ? — האָב איך אַ זיפץ געטאָן...

— פאַוסטאַ? זי איז נישט ווערט צו פוצן דיינע שיך, מיין קינד... מיט פאַוסטען פאַרברענג איך די צייט אויס לאַנגווייליקייט. קיינמאָל האָב איך די זאַך נישט גענומען אויף ערנסט!

די דאָזיקע קליינע סצענע איז פאָרגעקומען אין דער לאָזשע פון דער גרררויסער זינגערין, אָבער מיין שוועסטער, וועלכע האָט געשפּילט ברונהילדען פון זיגורד, איז אין דער רגע אַרויף אין איר לאָזשע, כדי זיך צו באַפרייען פון „גוב-מערס מתנות", איבערצוטוישן די רויטע קלייד פון אַ מלכה אויף אַ ווייסער קלייד פון דער וואַלקיריע און זיך אָנצוגאַרט-לען מיט

... די אייזן-קרויז און דער אלטער זאלב-פלאנץ
וואָס צעברעכט דעם בישוף.

זי איז פּונקט אַריינגעקומען אין דער רגע, ווען דער „קליינער באָרדאָ„ האָט בלי ספק אָנגעהייבן צו פאַרווירקלעכן דעם אַקט פון מיין אויסלייזונג.

דו קענסט דיך אָנשטויסן, וואָס ס'איז פאָרגעקומען: ברינ-הילדעס צאָרן, נערוון קריזיס, די מאַמע קומט אָן, דער רעזשי-סער מאַכט געוואַלדן: „מאַדאַם פאַוסטאַ אויף דער סצענע שנעל, שנעל!" פאַוסטאַ ענטפערט אים אָפּ קורץ און העל-דיש. — און אויף דער סצענע, זיגורד, צעבראָכן פון ווייטיק, וואָס זיין וואַלקיריע קומט נישט, גייט ער אַוועק הינטער די קו-ליסן, נאָכדעם ווי ער האָט געמאָלדן דעם פּובליקום: „איך ווייס נישט, וואָס זי טוט דאָרט אין דערהויך, די בהמה". די צעהיצ-טע טולוזער איינוווינער זענען בייז, און ס'קומט אויס אַראָפּצולאָזן דעם פאָרהאַנג.

און שפעטער? וועסטו דאָך פרעגן, קליינע קלעמענטינע.

שפעטער האָט זיך אַלץ איינגעאָרדנט, פאַוסטאַ און זשיל-יען האָבן זיך איבערגעבעטן. און מיר האָט שפעטער די מאַמע

אַרייַנגעהאַקט אַ טורנע, אָבער אַזאַ מין טורנע, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל אין די בעסטע טעג נישט געהאַט. אָבער דאָס איז אַלץ גאָרנישט; ס'האָט מיר געלוינט דער עסק און איך בין צופרידן. די גרויסע זינגערין רעגט מיך שוין מער נישט אויף מיט מיינע צעשויבערטע האָר, מיט מיין פלאַכער ברוסט, מיט מיינע רויטע הענט. אפילו מיין מאַמע האָט זיך שוין איצט באַרויקט, ציט מיך פאַרן אויער, ווען זי איז אין אַ גוטער שטימונג און זאָגט צו מיר מיט אַ צופרידענעם שמייכל:

דידאָזיקע יונגאַטשקע, זי מאַכט שיין מיט מענער, אַלץ וואָס זי וויל! צי שעמסטו דיך נישט אין דיינע יאָרן? וואַרט כאָטש, לפחות, ווען דו וועסט אַלט ווערן זעכצן יאָר!"

וואָס שייך זשיליענען האָט ער צוגעזאָגט פאַוסטען און מיין מאַמען צו פירן זיך אַנשטענדיק. אָבער דאָך שטיפן מיר ביידע צו אַ ביסל, ערגעץ אין אַ פינסטער ווינקעלע. ס'איז זייער אָנגענעם.

---

# לעצטע עצות

א בריוו פון דער מאדאם גיאָנע
צו מאָסיע פּאָל שאמבערלאַן.

געכטן בין איך, מיין געליבטער, צוריקגעקומען קיין פּאַריז, נאָך דער האָלענדישער פּליאַזשע, ווו איך האָב געהאַט אַ טרויערדיקן סעזאָן. און היינט אינדערפרי צו פרישטיק זענען געקומען צו מיר עטלעכע חברטעס, פון וועלכע איך האָב דערגאַנגען, אַז איר האָט חתונה... איך וויל דאָ נישט מוסיף זיין, פּונקט ווי אין אַ ראָמאַן; „דו ווייסט, איך גיי מיך נעמען דאָס לעבן!...” אָבער דאָך בין איך אַ ביסל פאַרדאגהט.

איך בין פאַרדאגהט, ווייל איר פאַרלאָזט מיך. עס אַרט מיך נאָכמער דערפאַר, ווייל איר האָט שטילערייט און אויף אַ כיטרען אופן זיך צוגעגרייט דערצו, נישט דאַכטנדיק מיט קיין וואָרט אייער אַלטער פריינדין... יאָ! די פינף יאָר, וואָס מיר האָבן פארבראַכט ציזאַמען, זענען אייך בלי ספק בענטער, ווי די, וועלכע איר וועט פאַרברענגען מיט אייער ווייב. וואָרום אויב מיר האָבן זיך אפילו נישט באַגעגנט יעדן טאָג, האָבן מיר דאָך יעדעס מאָל געהאַט וועגן וואָס צו שמועסן. אַלזאָ פינף יאָר פון צאַרטער ליבע, בעת וועלכע איך האָב אָנטייל גענומען אין אייער פריידן און ליידן. צי האב איך מיך דערמיט נישט פאַרדינט אויף אָפנהערציקייט און פאַרטרויונג? אָנשטאָט מיר צו שרייבן אין די לעצטע טעג אייערע קליינע שיינע יעזואיטישע בריוועלעך, אין וועלכע איר האָט מיר געקושט די ליפּן, מיט אַ פּאָסט-סקריפּטום (וואָס וואָלט דערצו געזאָגט אייער טייערע כלה?) האָט איר בעסער געקענט קומען צו מיר און גאַנץ פּשוט

מיר זאָגן: „זשאַנע איך מאַך אַ סוף... איך האָב חתונה... אָבער אַזויווי איר זענט די פּערזאָן, וועלכע קען מיך גוט און וועלכע ליבט מיך צום בעסטן, וויל איך מיט אייך כאַפּן אַ שמועס!..“

אַלזאָ, מיין שיינער פּאָל, אַזוי אָדער אַנדערש, איר וועט זיך מוזן מיט מיר מיישב זיין... אַזוי ווי נאָך אייער פאַרלאָזן מיך, בין איך געצווונגען צו שפּילן די ראָל פון אַ מאַמע; נעם איך אָן מיין ראָל אויף ערנסט און גיי אייך געבן אַן עצה וועגן אייער חתונה און וועגן אייער צוקונפט.

מיר דאַכט זיך, אַז איידער מען האָט חתונה דאַרף מען גוט באַטראַכטן דעם וועג־חבר, וועלכן מען קלויבט אויס, אָבער נאָך פריער דאַרף מען זיך אַליין גוט אויספאָרשן. צי האט איר זיך געשטעלט אונטער אַזא אויספירלעכן עקזאַמען?

טוט אַ קוק אַריין אין שפּיגל, — אָבער טוט אַ קוק ערנסט ווי אַ קריטיקער און נישט מיט אַ צופרידענעם אויגנבליק, וועלכן איר טוט אַ וואָרף אויף שפּיגלען אין דער רגע ווען איר טוט אָן דעם הוט און די הענטשקעס און קלייבט זיך אַרויסצוגיין... קוקט גוט... איר זעט אן עלעגאַנטן מענטש, מיט אַ קליין פּליכל, אויגן ליכט פאַרנעפּלט, די הויט קוים געמאָרשטשעט, בלויז עטלעכע קנייטשן ביי די שלייפן; איר זענט פריי פון די אַלע קליינע חסרונות, אָדער זיי זענען ליכט פאַרבאָרגן, אַ דאַנק אייער היגיענע און אייער האַלטונג. דער מאָגן שלאָפט אַ ביסל צו און פון שלאָפלאָזיקייט ליידט איר אויך גאַנץ אָפט; אַ צווייי מאָל אין דער וואָך גיבן זיך אייערע נערוון צו פילן. אָבער גאָרנישט! נעמענדיק אַלץ אין אַכט זענט איר נאָך אַ גאַנץ יונגער מענטש. דאָס זענען די פיזישע זייטן אייערע.

— בנוגע דער מאָראַלער זייט, זענט איר אינטעליגענט, אָבער מיט אַ דורכשניטלעכן שכל, אויב איר ווילט וויסן, אוסערגעוויינלעך פויל און נישקשהדיק אומוויסנד. וויפל מאָל האָב איך אייך געדינט, ווי אַ ווערטערבוך, אַטלאַס, היסטאָריע — איך, אָרעמע פרוי, וועלכע איז געווען איינגעשפּארט אין אַ מאָנאַסטיר! איבעריקנס, האָט איר עס אַליין אויך מודה גע-

ווען. אייער קאָרעספּאָנדענץ פלעגט איר זיך תּמיד באַמיען צו מאַכן אין מיין אָנוועזנהייט, כּדי אויסצומיידן די ספקות בנוגע דער אָרטאָ־גראַפיע. צי דערמאָנט איר זיך, וואָס איר האָט אַמאָל גע־שריבן אין א געוויסן דעפּאַרטאַמענט ? און דאָס האָט איר דעמאָלט געשריבן צו א מיניסטער ! אַך ! יענע צייטן... ווען איך טראַכט דערין, ווילט זיך מיר וויינען !

פון דער צווייטער זייט, האָט איר אַ גאַנץ געוויינלעך האַרץ : נישט גוט און נישט שלעכט, נייערט שלעכט. פּונקט ווי ס'רוב מענער זענט איר פעיק אויף פאַרשידענע גע־פילן צוליב א קליידל, וואָס ווערט איך באַדעקן מיט חרפה בעת איר נוצט אויס מיט אַן אומבאַוווּסטזיניקן אכזריותדיקן עגאָיזם אַן אָרנטלעכע פרוי, אין וועמענס ליבע און טרייקייט איר צווייפלט נישט. אָבער איך חזור איבער אַז ס'רוב מענער זע־נען אַזעלכע. דאָך האָט איר אַ מעלה, וואָס איז ווערט צו באַצייכענען ! איר זענט ליבלעך. יאָ ליבלעך ! איך קען קיין אַנדער וואָרט נישט געפינען, דעריבער דריק איך מיך אויס אַזוי. איר האָט אַזעלכע ליבלעכע מאַנירן, אַ מין העפלעכקייט, וואָס פאַרבלענדט און פאַרכישופט, ווען איך געפין זיך לעבן אייך. איר האָט אַזעלכע ווערטער, כּדי מען זאָל מיינען, אַז איר זענט אויפריכטיק, איר מאַכט קאָמפּלימענטן, מיט וועלכע איר חנפט אייך אונטער. איר פאַרראַט דעם שמייכל אויף די ליפּן, די ליבע אין די אויגן און אפשר אויך אין האַרצן. איך האָב איבערגעלייענט פינף אָדער זעקס בריוו, וואָס איך האָב באַקומען פון אייך אין שעוועניגען, — די לעצטע זענען גע־שריבן, בשעת איר האָט זיך שוין אַרומגעדרייט אַרום יענער. אגב ס'געפינען זיך אין די בריוו אַ ביסל אָרטאָגראַפישע גרייזן, אָבער ס'מאַכט נישט אויס.

... אָט דאָס איז דער פּרצוף פונם חתן, וואָס שדכנט זיך און ווערט פאַרגעטערט פון דער מאַדמאַזעל קלער לאַוואַ־לעט. איך לייען שוין איצט די שטעכעדיקע תּשובה, וואָס איך וועל פון אייך באַקומען :

„צו אַלדע רוחות ! מיין טייערע, רעדט נישט קיין שלעכטס

וועגן דעמדאָזיקן חתן. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז ער איז אייך
אויך געווען געפעלן!״

דאָס איז אמת, פּאָל, אַז איר זענט מיר געווען געפעלן;
ס׳איז אויך נישט קיין ליגן, אַז איך בין אין אייך געווען
„פאַרקאָכעט״, ווי איר האָט זיך אויסגעדריקט. אָבער פאַר־
געסט נישט, אַז דאָס איז געווען אין יענע גליקלעכע צייטן,
ווען איר זענט נאָך געווען יונג, זייער יונג, איר פאַרשטייט?
איר זענט געווען אַ שיינער יונג, פעסט געבויט, היציק, פריש,
מונטער און פעיק צו אַלע מינים ספּאָרטן... איר האָט געהאַט
אַ מין נשמה־ריינקייט, הגם נישט קיין סך, אָבער פעיק אַרויס־
צווייזן זיך ווי אַן אָנשטענדיקער מענטש. איך, מיין טייערער,
בין געווען אייער ערשטע „געליבטע״. אָבער, לײדער! ביי
היינטיקן טאָג זענען די אויסגערעכנטע אייגנשאַפטן אייערע
אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און אַ סך אינגאַנצן פאַרשוווּנן. אָבער
איך האָב אייך ווייניקער נישט געליבט! איך האָב מיך גע־
עלטערט צוזאַמען מיט אייך איר זענט תמיד פאַר מיר געווען
דערזעלבער פּאָל, פון ערשטן טאָג אָן. איך האָב געמוזט באַ־
קומען אַזאַ קלאַפּ, ווי איך האָב באַקומען, כדי איך זאָל מיך
אויפכאַפּן און אַ טראַכט טאָן וועגן אייך. קורץ גערעדט, דעם
וואָס איך ליב אין אייך היינט, דאָס איז אונדזער יוגנט,
אונדזער ליבע.

אָבער זי, מיין געליבטער פריינט? זי די קליינע
פענסיאָנערקע, וועלכע איז איצט נאָר וואָס ארויס פון האָשער
מאָנאַסטיר, אויף וואָס האָפט זי, וואָס דעקוואַרט זי פון אייך?
מסתם דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געפונען אין אייך. ווען איר
זענט נאָך געווען יונג, דאָס, וואָס איר האָט שוין נישט און
איך האָב אייך מוחל געמען, ווייל איר האָט עס מיט מיר גע־
פּטורט: אייער יוגנט!... זי וועט פאָדערן פון אייך דאָס אַלץ,
וואָס איר האָט מיר אָוועקגעגעבן, דאָס וואָס איר זענט נישט
אומשטאַנד איר צו געבן, ווייל איך האָב עס ביי אייך צוגע־
נומען, דאָס הייסט: דעם געשמאַק פון ליבע, די זאָרגלאָזיקייט
פון דער צוקונפט, די פיזישע פרישקייט און פרייַלעכקייט. און איר

האָט איר געבן אַן אָפּגעלעבטן געליבטן, ביי וועלכן אַ קוש איז אַ רענדל, די ליבע אויפֿן לעצטן פּלאַן: אָפּגעמאַטערט פֿון פֿרויען און אַ מרה-שחורהדיקע תאווה. איר זאָלט נישט זאָגן, ניין! אויב אונדזער ליבע איז נאָך געווען אַ פֿריילעכע, איז עס אַ דאַנק די ערינערונגען, וועלכע האָבן אונדז פֿאַרשיכורט; דעריבער זענען מיר תמיד געווען אַזוי פֿריילעך, מיר האָבן זיך תמיד געקושט, אין אייער ווינוונג אויף באַלי-גאַס און אונדז האָט זיך כסדר געדאַכט, אַז מיר זענען יונג! אָט דעריבער פֿלעגט איר, הולטיי איינער, תמיד זיך צוריקקערן צו מיר, נאָך אייער אַלע פּרוּוון פֿון אומטרייקייט. און ווען איר וואָלט זיך אַ ביסל פֿאַרטראַכט איבער אייערע געפֿילן, וואָלט איר שוין לאַנג געקומען צום באַשלוס, אַז איך בין פֿאַר אייך די בעסטע געליבטע.

און וואָס וועט זיין דער פּועל-יוצא? איך קען נישט רעדן מיט דער פֿולער זיכערקייט וועגן אייער צוקונפֿט. און אַז איך רעד יאָ וועט איר מיך נישט באַשולדיקן אין בייזן ווילן דערפֿאַר, ווייל לויטן שכל, האָב איך מיך געדאַרפֿט אַזוי נוהג זיין; ס'וועלן געוויס פֿאָרקומען צווישן אייך ביידן מיספֿאַרשטענדענישן אין אייער הייראַטס-לעבן: זי, ווייל זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געליבט און איר, ווייל איר זענט פֿעיק צו ליבן לויט דער אַלטער רגילות. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז איר וועט אייך באַמיען צו געבן אייער ווייב די נויטיקע לאַסקע, אָבער איך זאָג אייך פֿאָרויס, ס'וועט אייך נישט געלינגען. דער שענסטער מאַן אין דער וועלט קען געבן בלויז דאָס, וואָס ער האָט. און איר האָט נישט, די איינציקע זאַך, וואָס אייער ווייב וואָלט געוואָלט: יונגע ליבע. אָבער אַזוי ווי קלער לאַוואַלעט — איך מיין אַזוי — האָט אַ ריינע נשמה, וועט זי זיך באַמיען אייך ליב האָבן נישט אַזוי צוליב דער פֿיזישער באַפֿרידיקונג, וואָס איר וועט נישט זיין ביכולת איר צו געבן, נאָר צוליב אייער הארץ און צוליב אייער פֿאַרשטאַנד. און וואָס וועט פּאַסירן? אויב דאָס אָרעם קינד איז נישט קיין למך, וועט זי שנעל אָפּשאַצן אייער קראַנקן עגאָיזם און אייער אומוויסנקייט. זי וועט זיך

דערוויסן, אַז איר מאַן איז אַזאַ מאָראַליש ווען, וועלכע די נאַ־
טור פּראָדוצירט טוצנווייז. אייערע אַלע מעלות האָבן זיך אויס=
געדריקט בלויז דערין, וואָס צו פינפאונדרייסיק יאָר האָט איר
געהאַט דאָס אויסזען, ווי אַנדערע צו פינפאונצוואַנציק און צו...
ליידער, דאָס איז שוין נישט מער!... צו אייך וועט אייער
ווייב נישט רעדן מיט דערזעלבער שפּראַך וואָס איר; איר
יוגנט וועט תמיד שטערן אייער מנוחה, זי וועט ווערן מרה=
שחורהדיק און וועט שוין גאָרנישט פאָדערן פון אייך. אייער
ווייב וועט אייך דעמאָלט פאַרמיאוסט ווערן, איר וועט פון איר
אַנטלויפן. אויף אַזאַ אופן וועט אייך פריער אָדער שפּעטער
אויסקומען זיך אָפּצוזאגן פון דער אונטערנעמונג, וועלכע איר
האָט מיט אַזאַ התמדה אָנגעהייבן. זי וועט אַוועקפאָרן אויפן
לאַנד, כדי זיך אויסצוזוכן אַזאַ איינעם, וועלכער זאָל זיין ענ־
לעך צום אַמאָליקן פאָל, צו פאַלן, וועלכן איך האָב געליבט...
און איר, מיין טייערער, וועט זיך בּיסלעכווייז צוריקקערן צו
אייער אַלטער געוווינהייט, וואָס וועט וואַרטן אויף אייך.

יאָ, איך בין זיכער, אַז איר וועט צוריקקומען צו מיר.
און צוליב דערדאָזיקער זיכערקייט בין איך היינט נישט צו
שטאַרק פאַרדאגהט. ווייל צו וואָס זאָל איך לייקענען? איך בין
אַ ביסל נערוועז פונם געדאַנק, אַז די קליינע וועט אייך אינ=
גיכן זאָלטן צווישן אירע מאָגערע הענטלעך, און אַז איר וועט
זיך אָנשטרענגען, כדי איר צו ליבן עטלעכע וואָכן... ס'איז
אָבער נישט וויכטיק: איך בין גאַנץ רויק בנוגע דער צוקונפט.
האָט חתונה, מיין טייערער, פּרוּווט זיין גליקלעך; איך דערלויב
עס אייך. איין זאַך בעט איך פון אייך, אין נאָמען פון אונ־
דזער אַלטער גוטער ליבע, אַז אין טאָג, ווען איר וועט זיך
באַשליסן צו פאַרראַטן אייער ווייב, זאָלט איר תיכף אַ טראַכט
טאָן פון מיר...

צוואָס זאָלט איר מאַכן אַזעלכע פאַרזוכן, וועלכע וועלן
אייך נישט געלינגען? גלויבט מיר, כאָל, — דאָס ליגט אין
אייערע אינטערעסן, פונקט ווי אין מיינע — רעזערווירט פאַר
אייער אַלטער פריינדין אייער ערשטע אומטרייקייט.

# דער געשפענסט.

א טאָג-בוך פון א פּראָווינציאַלקע

10 יוני

ס'איז שלעכט, אַז מען קען נישט באהערשן דאָס האַרץ און אַז מען קען זיך שלעכט! אָט, ווייס איך גאַנץ גוט, אַז די ערינערונגען וועגן פיערן לעבן תּמיד אין מיר. איך וויל מיך איינרעדן, אַז איך זע קיין שום פאַרברעכן נישט דערין, וואָס איך טראַכט פון אים. ווייל ער דערמאָנט מיר בלויז איין חטא, אַן אַלטן חטא, וועלכער האָט קיין שום באַדייטונג נישט געהאט. אַפילו די געוויסן-יסורים, פאַרבונדן מיט פיערן, זענען מיר געוועזן אָנגענעם. אין אַ משך פון אַריבער צען יאָר האָב איך כּסדר וועגן אים געטראַכט, ער האָט מיך אויף קיין איינציג טאָג נישט פאַרלאָזן, ער האָט מיך פאַרפאָלגט, ער האָט מיך געהאַט אין גענהיים, אַפילו דעמאָלט, ווען איך האָב אויסגעוויזן זייער רויק. דידאָזיקע פאַרווייטיקטע ערינערונגען האָב איך צוועקגעשענקט גאָט, אַלס אויסלייזונג פאַר מיין חטא... אָבער אַן אומגערייכטער צופאַל האָט פּלוצלונג אויפגעדעקט די פאַלשקייט פון מיין געוויסן... בלויז איין וואָרט פון מיין מאַן: „דער גענעראַל זשיוורי קומט די צווייטע וואָך אויף אַן אינספּעקציע”, און דער פאַרהיילטער ווונד מיינער האָט זיך ווידער אויפגעעפנט... פיער קומט! נאָך עטלעכע טעג און איך וועל אים ווידער זען דאָ, אין דערזעלבער שטאָט, וווּ ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך ערינערונגען פון גאַנצע עלף יאָר. יאָ, עלף יאָר האָב איך אים אויף קיין איין רגע נישט פאַרגעסן, און היינט זע איך, אַז די גאַנצע צייט האָב איך אויף אים געוואַרט.

מיין האַרץ צאַפּלט זיך אין מיר, ביי דעמדאָזיקן געדאַנק. אַך, איך בין אַ נידערטרעכטיקע מוטער! דידאָזיקע גייסטיקע באַוועגונג איז נישט פון חרפה, נישט פון געוויסן־פּייניקונגען און נישט פון שרעק... דאָס איז דיזעלבע גייסט-באַוועגונג, וואָס האָט מיך באַגייסטערט אַמאָל, ווען איך האָב דעם קאַפּיטאַן זשיוורי געזען אין אַ זאַל, אָדער אויף דער גאַס, אַ פאַרשמוצטן מיט שטויב, פירנדיק זיין קאָמפּאַניע זעלנער פון א מאַרש.

איך ווייס די באַדייטונג פון דערדאָזיקער גייסט-באַוועגונג, אָבער איך קען עס נישט אַרויסזאָגן.

16 יוני

אַך, ווי אַלץ איז פאַרבליבן אומפאַרענדערט אַרום מיר פון יענער צייט אן! צי דאַרף איך מיך וווּנדערן, אויב אין דערדאָזיקער אומבאַוועגלעכער סביבה איז מיין האַרץ אויך פארבליבן אומפאַרענדערט, און נישט געקוקט אויף די יאָרן איז עס פאַרבליבן יונג? גאַנצע עלף יאָר זענען מיינע נאָכמיטאָג-שעהן ענלעך צו איינאַנדער. איך שטיי אָפּ גאַנצע שעהן ביים פענסטער פון מיין צימער, וואָס גייט אַרויס אויף אַ פוסטן פּלאַץ; איך אַרבעט, איך לייען. צייטנווייז קומען צו מיר געסט, תמיד דיזעלבע. יעדן טאָג אין דערזעלבער שעה קומט מיין מאַן אַריין אין מיין צימער און קושט מיך אין שטערן. איצט איז ביי מיר פּוסט אין וווינונג, פּונקט ווי פאַר די צייטן ווען פיער דע זשיוורי האָט מיך געליבט, ווייל ביידע זין, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן נאָך זיין אַוועקפאָרן זענען נישטאָ אינדערהיים.

מיין צימער האָט זיך נישט געענדערט. איך האָב געוואָלט, אַז די מעבל, די טאַפּעטן אַפילו זאָלן בלייבן דיזעלבע. פאַרברענגענדיק דאָ לאַנגע שעהן, פלעג איך בעסער קענען טראַכטן פון פיערן ביי דער אַלטער דעקאָראַציע... אָט איז די טיר, דורך וועלכער ער איז אַריינגעקומען פאַר זיין אוועקגעפאָרן, דער שטול, אויף וועלכן ער איז געזעסן אַנטקעגן מיר, דערזעלבער פאָטעל. זיינע בלאַסע ליפּן זענען געווען באַדעקט מיט אַ שוואַכן רויטל. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט זיך גע-

קענט באַהערשן, האָט זיין קול דאָך געציטערט, ווען ער האָט מיר געזאָגט ווערטער, וועלכע האָבן מיך דורכגעשטאָכן, וועלכע האָבן אָפּגענומען ביי מיר די כוחות צו געבן אַ ווידערשטאַנד:

„איך בין געקומען צו געזעגענען זיך מיט אייך. איך פאָר מאָרגן אַוועק".

... און איצט זיצנדיק מיט צוגעמאַכטע אויגן אַריבערגעוואָרפן איבערן וועגטל פון פאָטעל, זע איך די־דאָזיקע סצענע, פונקט ווי ס'וואָלט פאָרגעקומען אין דער ווירקלעכקייט. אין די אויערן האָבן מיר געקלונגען די־דאָזיקע בייזע זילבן און אין הארצן האָב איך געפילט אַ שטערבלעכע קעלט... איך האָב געפילט פייערן אויף מיינע קני, בעת ער האָט צו מיר גערעדט מיט תאווהדיקער ליבע, בעטנדיק זיך ביי מיר: איך זאָל מיט אים מיטפאָרן. איצט, פונקט ווי אַמאָל, האָב איך געפילט זיינע הענט, וועלכע האָבן מיך געגלעט, די מתיקות פון זיינע ליפּן.

אַך! גאָט מיינער, גיב מיר כוחות! וואָס וועט מיט מיר זיין, ווען איך על אים ווידער זען לעבן זיך?

16 יוני אינאַוונט.

די פאַרגאַנגענהייט האָט מיך לגמרי באַהערשט. איך גיב שוין מער נישט קיין ווידערשטאַנד. איך פאַרטיף מיך אין די עריגערונגען פון מיין חטא, און ס'איז מיר זייער אָנגענעם...

יאָ, איך בין מיך מודה, אַז אונטער דער מאַסקע פון געוויסן־יסורים, האָב איך במשך פון די עלף יאָר נישט אויפגעהערט אים צו פאַרגעסערן. אמת, איין איינציק מאָל האָט ער מיך געדריקט אין זיינע אָרעמס, אָבער תיכף האָבן מיר זיך ביידע באַפרייט. אָבער פון יענער צייט אָן האָב איך סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט צו אים געהערט. און גאַנץ ווייט פון אים, אויפן צווייטן עק פראַנקרייך, אָדער גאָר מעבר־לים, בין איך מיט מיינע געדאַנקען תמיד געוועזן לעבן אים. זיינע נייע ראַנגעס, זיינע באַריכטן פון די אַזיע־פעלדער, ווו ער איז באַדעקט געוואָרן מיט רום, זיינע אָרדענס — דאָס אַלץ איז געווען אויך

מיין דערפאָלג. פאַראייניזאַמט אין דעמדאָזיקן פּראָווינץ־ווינקעלע, האָב איך געלעבט מיטן טרוים פון פּיערס פּאַסירונגען.

היינט שטעל איך מיר אַ שאלה: „פאַרוואָס האָב איך צו אים קיינמאָל נישט געשריבן?" אַך! עטלעכע מאָל האָב איך שוין געהאַט אָנגעהייבן צו שרייבן צו אים... בלויז עטלעכע שורות: „טראַכט פון מיר; איך קען אייך נישט פאַרגעסן!" און תמיד פלעג איך צערייסן דאָס אָנגעשריבענע. „צוואָס?" – פלעג איך צו זיך זאָגן; דאָס לעבן האָט אונדז צעטיילט, און קיינמאָל וועט עס אונדז נישט פאַראייניקן. מיר קענען בלויז טראַכטן וועגן איינער. איך מיט געוויסן־יסורים, ער אפשר מיט צאַרטקייט". וואָס שייך אים, בין איך געווען גאַנץ זיכער. ער האָט מיך צו שטאַרק ליב געהאַט, כדי מיך צו פאַרגעסן!

יאָ, איך בין זיכער, אַז צוליב דער ראָמאַנטישקייט פון דער אַמאָליקער פּאַסירונג, בין איך שטאַרק איינגעקריצט אין זיין זכרון.

אַלס באַווייז קען דינען דאָס, וואָס הגם ער איז אַזוי באַרימט און האָט דערפאָלג, האָט ער דאָך נישט חתונה געהאַט. אַך! טייערער געטרייער פריינט!

18 יוני.

מאָרגן קומט ער. בלויז איין טאָג וועט ער דאָ פאַרברענגען. די אינספּעקציע וועט זיין פאַרענדיקט מיטאָג־צייט. ער פרישטיקט מיטן הויפּט־אָנפירער און עסט מיטאָג אין דער פּרעפעקטור. ערשט נאָכמיטאָג וועל איך אים אויפנעמען און וועל אים זען.

איצט, אַז ס'דערנענטערט זיך די רגע פון דער זעונג, בין איך שטאַרק באַאומרויקט.

פּיער האָט פאַרהאַלטן אין זיין זכרון דאָס געשטאַלט פון אַ פרוי, קוים פינצאונצוואַנציק יאָר אַלט, איצט בין איך שוין אַ פערציקער. ס'אַרא אומגליק, צו צושטערן אין אים מיין יונג געשטאַלט, און פאַרבייטן עס מיטן היינטיקן אַלטן געשטאַלט.

איך האָב אויסגעזוכט אין אַלבאָם אַ פאָטאָגראַפיע פון יענער צייט און, אַריינקוקנדיק אין אַ שפּיגל האָב איך זי פאַרגלייכט,

מיט מיין איצטיקן אויסזען... [illegible] מיך קנאַפּ געענדערט, בפרט נאָך, אַז איך טראָג כסדר די אַלטע פריזור און איך באַקליייד זיך כמעט ווי אַמאָל. גיין, איך האָב מיך נישט געענדערט: דיזעלבע שטריכן דיזעלבע פיגור, דיזעלבע פריזור, דיזעלבע קליידער... אָבער נישט געקוקט דערויף בין איך עלטער געוואָרן מיט צען יאָר. איך האָב געוואָלט באַגרייפן דעם סוד פון מיין פאַרעלטערן זיך. דאָס לייב פון מיין פנים, וועלכעס האָט, קענטיק, די אַלטע פאָרמען, באַשטייט, דאַכט זיך, היינט פון אַן אַנדער שטאָף, וואָס איז נישט אַזוי פעסט און נישט אַזוי פריש... און מיין בליק איז אויך עלטער געוואָרן אויף צען יאָר...

איך ווייס איצט נישט, צי בין איך גליקלעך אָדער פאַרדאַגהט דערפון, וואָס איך וועל זען פיערן.

19 יוני.

ס'איז צען אַ זייגער. איך פאָר אין דער פרעפעקטור. איך טראַכט אַפילו נישט, וואָס ס'וועט מיט מיר פאַסירן. וואָס וועט זיין, ווען פיער וועט פאָדערן, פונקט ווי אַמאָל איך זאָל מיט אים מיטפאָרן?... ס'וועט דעמאָלט זיין אַ צעבראָכן לעבן, און אַלע וועלן מיך פיינט האָבן... אָבער דעמאָלט וועל איך לעבן זייט ביי זייט מיט אים, פאַר וועמען איך לעב, באמת, זינט צען יאָר... און וואָס גייט מיר אָן, צי מען וועט מיך פיינט האָבן, צי ניין?

אַך! מיין גאָט! שטיק מיך!

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

19 יוני, אינאָוונט.

מען האָט מיך געבראַכט אין אַ קאָרעטע, מען האָט מיך אַריינגעטראָגן אין מיין צימער און אַוועקגעלייגט מיך אויפן בעט, נאָכדעם ווי איך בין געקומען צו זיך... איך האָב שטאַרק געליטן דערפון, וואָס מיין מאַן און די דינער האָבן זיך גע-דרייט ביי מיין צוקאָפּנס. ענדלעך בין איך פאַרבליבן איינע אַליין.

ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז מען האָט מיך געראַ־טעוועט פון אַ שיף־ברוך, אַז איך האָב מיך געטרונקען, אַז מען האָט מיך צו שפּעט אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער, אַז איך גוסס פּאַמעלעך...

איך שרייב דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען מיט מיר היינס אינאָוונט, כדי עס זאָל דינען אַלס אַ צוואה פון מיין אנגע־ווייטיקט האַרץ.

ווי נאָר איך בין אַריין אין זאַל פון דער פּרעפּעקטור, האָב איך אים תיכף באַמערקט, תיכף דערקענט. ער איז גע־שטאַנען אָנגעלענט לעבן אַן אויוון, געשמייכלט און געשמו־עסט מיטן גענעראַל־סעקרעטאַר און מיט אינזשינירן. ער האָט זיך גאָרנישט געענדערט! ער איז פאַרבליבן עלעגאַנט און יונג. בלויז זיינע האָר זענען גרוי געוואָרן. אָבער אַזויווי זיי זענען געווען קורץ צוגעשניטן, האָט ער אויסגעוויזן יינגער פון זיינע יאָרן.

אַך! ווי איך וואָלט געוואָלט צופאַלן צו זיין ברוסט, באַפּוצט מיט אָרדענס און אַריינשושקען אים אין אויער: „דאָס בין איך! איך ליב דיך כסדר. צי דערקענסטו מיך?" אָבער איך האָב מיך געפילט אונטערדריקט אין דער אָנוועזנהייט פון דידאָזיקע אַלע מענטשן. איך האָב מיך אַנידערגעזעצט לעבן עטלעכע חברטעס, און נישט בעמענדיק קיין אָנטייל אין זייער שמועס, האָב איך אים באַטראַכט. אַלע פרויען, וועלכע זע־נען אַריינגעקומען האָבן זיך פאָרגעשטעלט פאַרן באַרימטן מאַן; ער האָט זיי אויפגענומען מיט אַ גלייכגילטיקן שמייכל. אָבער דאָך האָט ער געלייגט מער אַכט אויף דער דעקאָלטע פון דער קליינער מאַדאַם דאָזאַ, האַלב־נאַקעט, ווי געוויינלעך.

פּלוצלונג האָבן זיך זיינע אויגן צוגעפּעסטיקט אויף מיר. איך האָב געפילט, אַז איך חלש. דאָך האָב איך געהאַט גענוג כוחות נישט אָפּצווענדן מיין פּנים פון זיין בליק... עטלעכע רגעס האָט ער מיך אָנגעקוקט. נאָכדעם האָט ער זיך אויסגע־דרייט און גאַנץ רויק ווידער אָנגעהייבן צו שמועסן.

צי איז עס מעגלעך, ער זאָל מיך נישט האָבן דערקענט?

„ניין"... האָב איך צו זיך געזאָגט... ער האָט געקוקט אויף מיר, נישט זעענדיק מיך... דאָך, האָט ער געדאַרפט וויסן, אַז איך געפין מיך דאָרט !... אַ ווײַלע האָב איך שטאַרק געליטן. דער דירעקטאָר פון צאָל-אַמט איז צוגעקומען צו מיר און אָנגעהייבן מיר דערציילן זיינע נאַרישע מעשיות. איך האָב אים נישט אויסגעהאָרכט. איך האָב געזען, ווי דער גענעראַל זשיוורי דערווייטערט זיך פון אויוון און גייט אַוועק אין דער ריכטונג פון די שפּיל-צימערן. איך האָב געוואָלט בלייבן איינע אַליין.

דאָס איז מיר געלונגען ערשט אין אַ שעה אַרום. אײַנער אַן אָפיציר פון מיין מאַנס חברים האָט מיך אַוועקגעפירט אויף דער טעראַסע. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיך לאָזן אַליין, ווייל דער קאָפּ טוט מיר וויי. איך האָב געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז פּיער וועט אהערקומען... אין עטלעכע רגעס אַרום האָב איך דערהערט זיין שטימע אין זאַל, אויסגעמישט מיט דער הילכיקער שטימע פון זשולי דאָזאַ.

„מיין גאַנץ לעבן וועל איך געדענקען די קלענסטע זילבן פון דעמדאָזיקן געשפּרעך !...

„גענעראַל, צי האָט מען אין אייערע צייטן אויך זיך געלאַנגווייליקט ווי איצט ? — האָט זשולי געפרעגט מיט אַ חנדל. איר האָט דאָך דאָ געדינט אין דעם גאַרניזאָן ?

— יאָ, — האָט געענטפערט פּיער... אין גאַרניזאָן איז געווען זייער נישט פריילעך. אָבער ס'האָט מיר קנאַפּ אינטערעסירט. איך האָב ליב געהאַט מיין פאַך. און אז מען זוכט געפינט מען תמיד, וויאַזוי זיך צו פאַרוויילן.

— מיט פרויען, פאַרשטייט זיך ! איר זענט תמיד געווען דערזעלבער דאָן-זשואַן ?

איצט איז גאַנץ אַנדערש... אין זעלטענע פאַלן (ער האָט אַ קוש געטאָן זשוליס האַנט), פאַרגעס איך מיין עלטער... בעת איך בין געווען אַ קאַפּיטאַן האָב איך אַזוי פיל נישט געפּאָדערט. איבעריקנס, האָב איך מיך דאָ אַזוי געווײַלט, ווי ערגעץ אַנדערש.

אַך ! גענעראַל, האָט געזאָגט מאַדאַם דאָזאַ, איך בעט

אייך, רופט מיר אָן עטלעכע נעמען פון פרויען, וועלכע איר האָט באַזיגט. צווישן אונדז וועט עס בלייבן. ס'איז מיר זייער אינטערעסאַנט צו וויסן אַ ביסעלע רכילות איבער די היגע ווייבער.

— צי איר וועט מיר גלויבן, צי ניין, — האָט פיער געענטפערט, — אָבער ס'איז מיר שווער צו זאָגן. איך האָב איצט געמאַכט אַן אינספּעקציע איבער די ווייבער, ווי איר דריקט זיך אויס... איך האָב קיין איין צורה נישט דערקענט. אָבער ס'דאַרפן זיך דאָ געפינען אַ פיר אָדער פינף, מיין איך, אויף וועלכע איך האָב אַמאָל געקוקט פון גאַנץ „נאָענט"...

— אָבער זייערע נעמען, גענעראַל; צי געדענקט איר נישט קיין איינציק נאָמען?

פיער האָט אַ רגע אַ טראַכט געטאָן.

— גלויבט מיר, אַז נישט, — האָט ער געענטפערט. — איך קען אייך קיין איין נאָמען נישט אָנרופן. איבע־ריקנס, האָב איך דאָ קיין שום וויכטיקע פּאַסירונגען נישט גע־האַט. און איר ווייסט דאָך, מאַדאַם, וואָסער ווערט ס'האָט די ליבע פון אַ קאַפּיטאַן: אַוועקגעפאָרן, פאַרגעסן...

און ער האָט צוגעזונגען:

נו, יעגער, ארויף אויפן זאָטל,
געזעגן זיך מיט די אויגן
ווארף דיין בליק, ווי פון א בויגן!...

. . . . . . . . . . . . . . . .

... אָט אין דער רגע האָב איך פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין.
פאַרוואָס בין איך געקומען צוריק צו זיך?
פאַרוואָס לעב איך?

# די קלויסטער־שויבן פון הייליקן יוליאן.

א בריוו פון מאַדאם דעווינעל צום מסיע לעטילע.

ליִיענט איבער גוט דאָסדאָזיק בריוו, מיין טייערער פריינט. ס'איז נישט קיין פשוט בריוועלע דורך וועלכן איך באַשטים אייך געוויינלעך אַ ראַנדעווו... דאָס איז אויך נישט קיין פּאַטשקעריי, דורך וועלכער איך האָב ביי אייך געפאָדערט געלט אויף שניידערקעס און מאַדיסטקעס. דאָס איז אַ פערזענלעך פּאַרטיידיקונגס בריוועלע, אין צוויי בלעטלעך און אויך (זייט מיר מוחל מיין פּעדאַנטיזם: פּאָל בורזשע האָט אונדז אַלעמען פאַרדאָרבן), אַ קליינע פּסיכאָלאָגישע לעקציע פאַר אייך.

שוין גאַנצע דריי חדשים ליבן מיר זיך. איך, פון מיין זייט, האָב איך די בעסטע ערינערונגען וועגן דער אַנטשטייונג פון אונדזערע באַציונגען. מיר קענען זיך שוין זייער לאַנג. איר זענט אַן אויסגעצייכנטער מאַן פאַר פרויען, איך אַ ווייב פון אַן אַלטן מאַן, און דעריבער וועט מיר קיינער נישט פאָרוואַרפן, אויב איך כאַפּ אַ פעטערן ביסן ערגעץ אָן אַ זייט. איך האָב מיך קיינמאָל נישט אָנגעגעבן פאַר אַן אומצוטריטלעכער צנועה. תמיד פלעגט מען זיך שושקען איבער מיר, און צייטנווייז האָט מען גאַנץ הויך דערמאָנט דעם נאָמען פון מיין אַמאָליקן פריינט. ווען ער האָט מיך אַוועקגעוואָרפן, כדי התונה צו האָבן, האָט מען מיר אויסגעדריקט גרויס מיטגעפיל. דעמאָלט זענט איר געקומען און אויסגעדריקט אייער ווילן אים צו פאַרבייטן. איר זענט געקומען אָן הויכע פראַזן, ווי אַ געליבטער, וואָס ווייסט זיין ווערט און וועלכער איז, אַזוי צו זאָגן, שטאַרק מפורסם מיט זיין לי־

בע. איר זענט מיר געפעלן געוואָרן. איך האָב אָנגענומען אייער פאָרשלאַג שנעלער, ווי איך האָב אַליין געוואָלט. איך האָב נישט געוואָלט שפּילן די ראָל פון אַ פּענעלאָפּע, און ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז איך האָב אייך תּיכּף ליב געקריגן.

כ'האָב געהאַט אַ שוואַכקייט צו שטודירן אויף מיין ב"יעם פריינט די איינדריקן, וועלכע איך פלעג אויף אים מאַכן אין געמעס, ווי ער פלעגט מיך מער באַקענען. אין אַ ליבע פּאַסירונג קומט אויס, אַזוי צו זאָגן, דורכצומאַכן אַ באַשטימטן צאָל עטאַפּן, און יעדער עטאַפּ דעקט אויף אַ האָריזאָנט, ווי ס'טויכן אַרויס צוויי רייזנדער. אָבער איר זענט, אַ מין דערפינדער, אַ מין סטאַנלי פון יונגלאַנד; ערטער איבערראַשן אייך נישט; ביי יעדערן פון דידאָזיקע באַרימטע עטאַפּן, לייען איך אויף אייערע ליפּן פאָלגנדיקע טעמפּע ווערטער: „זייער פיין... אַן אַלטע מעשה”... און איך, וועלכע האָט זיך צו אייך צוגעבונדן אַלץ מער און מער, בין איך געוואָרן שטאַרק באַאומרויקט. איך האָב געטראַכט: צי ליבט ער מיך? צי האַלט ער כאָטש עטוואָס פון מיר? צי בין איך נישט אַמאָל אין זיין ליבע-לעבן בלויז אַ פאַרבייגייער, וואָס איז פאַרמשפּט פאַרגעסן צו ווערן, ווי יענע מיידלעך, צו וועלכע זיין חשק האָט אים געשטופּט. און נאָך אַ זאַך! יענע האָבן אים צוויי מאָל רויִנירט, און דאָך האַלט ער זיך נאָך לעבן זיי...

צו וועט איר מיר גלויבן? איך האָב אָנגעהייבן מקנא צו זיין דערדאָזיקער בלאַנש ד'אָבראַק, דערדאָזיקער זשאָרזשעט דעקאָרמיע (איר זעט, אַז איך ווייס זייערע נעמען), פאַר וועלכע איר האָט אָן אַ שום חשבון צוויי מאָל פאַרשווענדעט אייער פאַרמעגן. זיי זענען, לכל-הפּחות געווען זיכער, אַז איר פאַרלאַנגט זיי. זיי האָבן כאָטש געקענט מעסטן אייער חשק מיט דער געוויינלעכער מאָס פון מענטשלעכער איבערגעבנקייט: מיט געלט... די קרבנות, וואָס איר האָט געבראַכט פאַר זיי, צי האָט איר זיי געבראַכט פאַר מיר, מיין טייערער פריינט? אָט וואָסער שאלה איך פלעג זיך שטעלן,

נישט האָבנדיק קיין העזה זיך אַליין צו ענטפערן... ביסלעכ־ווייז האָט מיר דערדאָזיקער געדאַנק באַהערשט... תמיד טראַכטן, אַז פאַר דעם מענטש, וואָס מען ליבט ביזטו בלויז א „באַ־קוועמלעכקייט", אַ מין „וואָלטער־שטול" פון ליבע, — דאָס זענען די גרעסטע יסורים. איך האָב געוואָלט אייך אויספרווון און אָט איז דער חשבון, וואָס איך האָב אייך געמאַכט:

די מאַדמאַזעלן בלאַנש און זשאָרזשעט, איינע און די צווייטע, האָבן אייך אָפּגעקאָסט, זאָגט מען, בערך צוועלף הונ־דערט טויזנט פראַנק. אויסרעכענענדיק, האָט די פאַרבינדונג מיט זיי ביידן געדויערט דריי יאָר, דאָס הייסט פיר הונדערט טויזנט פראַנק אַ יאָר, בערך דרייסיק טויזנט פראַנק אַ חודש, אויב איך האָב קיין טעות נישט. ס'האָט זיך מיר געוואָלט וויסן, צי איר האָט מיך ליב אַזוי, ווי די מאַדמאַזעלן בלאַנש און זשאָרזשעט?

איך האָב מיך אָנגעגאַרטלט מיט דרייסטקייט, און איינ־מאָל אין אָוונט, ווען איך האָב אַריינגעלייגט מיין גאַנצע ליבע אין אַ קוש, האָב איך אייך געמאָלדן, אַז איך נויטיק זיך אין צוועלף טויזנט פראַנק... איר האָט באַלד מסכים געווען. נישט פרעגנדיק פאַרוואָס און פאַרווען, האָט איר אָפּגעענטפערט: „מאָרגן, מיין טייערע, וועט איר דאָס געלט באַקומען; איך דאַנק אייך, וואָס איר האָט זיך צו מיר געווענדעט..." אייער מויל האָט עס געזאָגט, אָבער אין אייערע אויגן האָט געגלאַנצט אַ שמייכעלע, וואָס האָט באַדייט: „אַך! אַך! זי אויך... איך בין נישט אין כעס, וואָס זי איז פונקט ווי אַלע אַנדערע". און פון דעמדאָזיקן טאָג אָן האָט זיך אייער ליבע ביסלעכווייז געענדערט. אַך, גאַנץ אומבאַמערקט איז פאָרגעקומען דידאָזיקע ענדערונג. אָבער איך האָב עס געפילט... איר זענט אויף מיר געווען עטוואָס אין כעס, פאַרוואָס איך בין צום אָנפאַנג גע־ווען אַן אַנדערע. איר זענט אויף מיר געווען אין כעס נישט פאַר מיינע פאָדערונגען, נאָר דערפאַר ווייל איר האָט צייטוויי־ליק געהאַט אַ פאַלשע מיינונג וועגן מיר. איך האָב דערפון געליטן: איך האָב געמוזט האָבן אַ פעסטן ווילן, כדי פאָרצו־

זעצן דעם פּרווו. איך האָב פאָרגעזעצט. א גאַנצן חודש האָב איך אייך געמאַטערט מיט פאַרשידענע געלט-בקשות, מאַכנדיק עס אויף אַזאַ אופן, איר זאָלט זיך וואָס מער אויפרעגן. איר זענט מיר תּמיד אַנטקעגן געקומען. איר האָט מיר אַפילו פאָרגעלייגט אַ באַשטימטן געהאַלט, ווי די מאַדמאַזעלן בלאַנש און זשאָרזשעט. ווי ס'ווייזט אויס געפינען זיך פרויען, וואָס גייען איין אויף אַזעלכע זאַכן. אין יענעם טאָג בין איך געווען אויפגערעגט און צופרידן; איך האָב אייך געוואָלט שלאָגן און קושן.

דער חודש האָט זיך פאַרענדיקט, זשאַק, און מיט אים אויך דער פּרווו. במשך פון חודש האָב איך פון אייך באַקומען דיזעלבע דרייסיק טויזנט פראַנק, וואָס די מאַדמאַזעלן. האָב איך דאָך, אַלזאָ דיזעלבע ווערט, ווי זיי, צו גלויבן, אַז איר ליבט מיך. איך נעם אַראָפּ, מיין טייערער, די מאַסקע און מעלדע, אַז לויט מיין מיינונג באַפעלעקט געלט די ליבע. אויב מיר ליבן אַ מענטשן און מיר גיבן אים אַוועק אונדזער העכסטן גליק: דעם קערפּער, דאַרפן מיר פון אים גאָרנישט וועלן נעמען. זייט זיך מודה, גרויסער רייזנדער, אַז דאָסדאָזיקע מאָל זענט איר פאַרווונדערט, און אַז דאָ האָט איר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ געשעעניש, וואָס איז נישט ענלעך צו אייערע אַלטע פּאַסירונגען.

אָבער איר חידושט זיך גאָרנישט... לייענענדיק אייערע שורות זע איך, — ווי אייער פּאַריזער שמייכל זאָגט אַזוי: „ס'איז אַ פיין שטיקל, אָבער גאַנץ פאַרשטענדלעך; זי האָט זיך געגנויטיקט אין דרייסיק טויזנט פראַנק".

אַלזאָ, ווייסט, זשאַק דער סצעפּטיקער, ווייסט, אַז די דרייסיק טויזנט פראַנק געפינען זיך שוין נישט ביי מיר. אין דעם שטעטל לאַפּאַראַד, לעבן אונדזער שלאָס טראָנקע שטייט אַ שיינער קלויסטער, געווידמעט דעם הייליקן יוליאַן, דעם מכניס־אורח. אַ קלויסטער, וואָס איז אין צוואַנציק יאָר אויפגעבויט געוואָרן דורך די גאָטספאָרכטיקע אָנשטרענגונגען פון אַ גלח... דער קלויסטער איז כמעט פאַרענדיקט, אָבער די שויבן פון די

גאָטישע פענסטער זענען פון פראָסטן גלאָז. אַ דאַנק אייערע דרייסיק טויזנט פראַנק וועט א שיינער מאָדערנער גלאָז איינגילן באַפּוצן דידאָזיקע פענסטער... אין קלויסטער שטייט דער הייליקער יוליאַן, ווי ער שיקט זיינע אומצייל[?]בארע פיילן אין די ווילדע חיות, וואָס רינגלען אים אַרום, אין טאָל!...

... צווישן אונדז גערעדט, מיין טייערע, בין איך שטאַרק צעפרידן מיט מיין קליינעם פּרווו, וואָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו דערקענען אייער ליבע און גלייכצייטיק אייך אָנצושטויסן אויף אַ פרומען טאַט.

זאָל אונדז שוין גאָט אָפּהיטן! — אָבער אויב ס'וועט אונדז אויסקומען זיך צו שיידן, אויב איך וועל אַמאָל דאַרפן געהערן צו אַן אַנדערען, וועל איך בלי־נדר אָנווענדן דעמזעלבן מיטל, כדי צו מאַכן אויספּאָרשונגען.

אָבער ס'ווענדעט זיך אָן אייך, מיין טייערער זשאַק, פל־זמן איר וועט וועלן... בלייבן די שויבן דיזעלבע אין קלויסטער פון הייליקן יוליאַן, דעם מכניס־אורח...

# אויספאָרשונגען.

## 1

א בריוו פון מאדמאזעל סאָלאנזש ד'ארק
צו דער מאדמאזעל נינא נינעט פון בוף.

איר קענט מיך בלויז פון זען, מאַדמאַזעל. איר האָט מיך געזען אין וואלד, אויף די ים־בעדער, אין טעאַטער, וווהין ס'פירן מיך מיינע עלטערן. איך האָב מורא, אַז מיין בריוו זאָל אייך נישט אויסווייזן צו זיין עטוואָס העזהדיק, אָדער ער זאָל אייך, לכל הפּחות, נישט איבערראַשן. מיין ליבער גאָט, די סיבה איז אַ גאַנץ פּשוטע! מען וויל מיך חתונה מאַכן מיטן וויצע־גראַף פּאַסקיע. ער זאָגט, אַז ער איז שטאַרק פאַרליבט אין מיר. איך מוז אייך מודה זיין, אַז ער האָט געמאַכט אויף מיר אַ נישקשהדיקן איינדרוק. אָבער וואָס קען וויסן אַן אָנשטענדיק מיידל פון אַ מענטש, וואָס זי באַגעגנט, וואָס דערשיינט תּמיד פאַר איר אונטער די מאַסקע פון אַ פאַרערער?

איך האָב עס דערציילט מיינע עלטערן. זיי האָבן תּיכּף אויפגעזוכט דעם נאָטאַריוס פון וויצע־גראַף, זיין הויז־דאָקטאָר, דעם רעקטאָר פון וואָזשיראַר, דאָס הייסט, די אַלע, וועלכע זענען מחויב, לויט זייער פּראָפעסיע, אָפּצוזאָגן אַ ליגן... ס'פאַרשטייט זיך, אַז די אויספאָרשונגען האָבן געבראַכט די בעסטע רעזולטאַטן, הגם זיי זענען געווען פאַרנעפּלט. האָב איך מיר דעמאָלט געטראַכט:

ס'געפינט זיך אין פּאַריז אַ שיינע, יונגע פרוי, עטוואָס עלטער פון מיר, פאַר וועלכער ראַזול — אַנטשולדיקט, וואָס איך דערלויב זיך אים אַזוי אָנצורופן! — איז מסתּם געווען די לעצ־

טע צוויי יאָר דער, וועלכער דאַרף איצט זיין פאר מיר. אָט ווער ס׳קען אים מסתמא אויסגעצייכנט! אָט ווער ס׳קען מיר געבן די בעסטע ידיעות, וואָס אינטערעסירן מיך!...

און איך האָב באַשלאָסן אייך צו שרייבן. איך מוז אייך צוגעבן, אַז איך וואָלט נישט געשריבן אַבי וועמען. הגם איך בין אַ יינג מיידל, וואָס איז גאַנץ ווייט פֿון פאַראורטיילן, — איך בין א היינטיקע. די משפחה מיינע האָט מיר איינגערעדט, אַז איך דאַרף זיך פאַר קיין זאַך נישט שעמען, אַבי זיך עפּעס צו דערוויסן. דאָך חזר איך איבער, אַז איך וואָלט נישט געוואגט זיך ווענדן נאָך ידיעות, סתם צו דער אָדער יענער... אָבער אייך, מאַדמאַזעל, קען איך. ראַול, דער וויצע־גראַף, האָט אַ סך מאָל מיט מיר גערעדט וועגן אייך, ווייל ראַול דערציילט יונגע מיידלעך דאָס, וואָס זיי דאַרפן גאָרנישט וויסן... דעריבער האָט ער אַזאַ דערפאָלג ביי זיי. אגב, האָט ער שטאַרק גערימט די איבערגעגעבנקייט פון אייער כאַראַקטער. אָט וואָס ער האָט געזאָגט וועגן אייך: „דאָסדאָזיקע פיינע מיידל איז אַן אמתער פריינט“. און אָט, צו דעם „אמתן פריינט“ שרייב איך. אייך איז גוט באַקאַנט אַלע ראַולס פלענער. איך ווייס, אַז איר וועט זיך נישט קעגנשטעלן. נישט ער מיט אייך, נאָר איר האָט זיך מיט אים געשיידט און איר האָט אפילו אָנגענומען אַן איינלאַדונג קיין אַמעריקע... אַז איר וועט מיר ענטפערן קאָנט איר זיין זיכער אין מיין דיסקרעציע. און איך, פון מיין זייט, וואָלט געבעטן אייער דיסקרעציע.

דריי מעלות, מאַדמאַזעל, וואָלט איך געוואָלט געפינען אין מיין מאַן. אויב איך וועל זיי געפינען, וועל איך שוין מער גאָרנישט זוכן. איך וואָלט געוואָלט ער זאָל נישט זיין קיין קאַרגער, ער זאָל נישט זיין אייפערזיכטיק (אין חיהשן זין פון וואָרט) און ער זאָל זיין, — נו, ווי דריקט מען זיך אויס — ער זאָל זיין... אַ מאַן, וואָס זאָל זיך באַנוגענען...

דער וויצע-גראַף איז אַ פאַרשווענדער, און דאָס איז אַ באַוווסטע זאַך. צוויי מאָל האָט ער שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין, און ביי היינטיקן טאָג וואָלט ער נישט געווען קיין

גרויסע פערזענלעכקייט, ווען זיין פעטער וואָלט אים נישט קיין טובה געטאָן מיט זיין טויט... אָבער אויב ער איז אַ פאַרשוועג־דער הייסט נאָך נישט, אַז ער איז נישט קאַרג. אָט, האָט מיינע אַ חברטע חתונה געהאַט מיט אַ מענטשן, וועלכער איז קאַרג און גלייכצייטיק אַ פאַרשווענדער: קאַרג פאַר אַנדערע און אַ פאַרשווענדער פאַר זיך. ער גיט קוים זיין ווייב אויף שטוב באַדערפענישן. ס'איז אַ רחמנות צו קוקן, ווי זי באַקליידט זיך און ווי דער טיש איז תמיד פוסט. דער מאַן אָבער עסט תמיד אין רעסטאָראַנען מיט עלעגאַנטע דאַמען.

איך וויל דורכאויס נישט, מען זאָל ביי מיר אין שטוב רעדן וועגן געלט. איך בין רייך און ראַול איז אויך רייך. מיר געהערן ביידע צו די גליקלעכע משפחות, וועלכע האָבן עלטערן צו ירשנען, אַזוי, אַז ס'קען קלעקן אויף אַ פינף, זעקס יאָר צו שעפן. ס'וועט זיין אַ גרויסער שופלאָד מיט באַנקנאָטן. איין שליסל וועט האָבן ראַול, דעם צווייטן איך: אָט אַזוי רעכן איך אוועקצושטעלן מיין באַלעבאַטישקייט. צי וועט ראַול איינגיין דערויף?

איר ווייסט עס בעסער פון אַלעמען. זאָגט עס מיר.

מער פון אַלעמען קענט איר מיר אויך זאָגן, צי ער איז אייפערזיכטיק. איך פאַרטראָג נישט אייפערזוכט. ווילט מיר גוט פאַרשטיין. איך רעד נישט פון דער ליידנשאַפטלעכער אייפער־זוכט, וועגן דעם נאַטירלעכן כעס פון אַ מאַן צו זיין ווייב, וועלכע מאַכט אים פאַר אַ נאַר. איך מיין די משוגענע אייפער־זוכט, וועלכע לויערט, שפּיאָנירט, מאַכט סצענעס... אָט דערפאַר האָב איך מורא ווי פאַר פייער. איך וואָלט געוואָלט האָבן אַ מאַן, וועלכער זאָל מיך לאָזן „פלירטעווען” מיט לייט, וואָס געפעלן מיר, ווייל איך האָב אַ שטאַרקע נייגונג צו פלירט. הערן רעדן צאַרטע ווערטער, מער אָדער ווייניקער אָנשטענ־דיקע, פון עמעצן וואָס פאַרלאַנגט אונדז, הגם אויף אַ נישט גע־זעצלעכן אופן, האַלט איך, אַז דאָס איז איינע פון די אָנגע־נעמסטע איבערלעבונגען פון וועלטלעכן לעבן. איך קען מענטשן, וואָס זאָגן אייך ווערטער, האַלב־לייכטזיניקע, אָבער דאָס ווערט

ארויסגעזאָגט אויף אַזאַ אופן, אַז זיי רופן אין מיר אַרויס אַ ספעציעלע נערוועזע צאַפּלעניש, גלייך ווי די בעסטע מוזיק. ס'איז מיר דעמאָלט זייער אָנגענעם. פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט, וועל איך זיך נישט אָפּזאָגן פון דעמדאָזיקן תענוג. איך האַלט אפילו, אַז די הייראַט דאַרף דערלויבן אַן אַנדער מין פלירט, וואָס זאָל זיין העפטיקער און דרייסטער, ווי דער פלירט פון יינגע מיידלעך. איך האָב מיר פאַרשפּראָכן עס צו פאַרזוכן, שטאַרק פאַרזוכן. און איך רעכן, אַז דער מאַן וועט מיר נישט שטערן כּל-זמן זיין כּבוד וועט נישט ווערן באַרירט.

צי איז ראַול א מענטש, וואָס וועט אָננעמען אזעלכע באַדינגונגען? אויב איך וועל אים זיי שטעלן, ווייס איך, אַז ער וועט מיר ענטפערן: „יאָ!...“ אָבער איך וויל וויסן אייער מיינונג. די גאַנצע צייט, וואָס האָט געדויערט אייער פאַ־בינ־דונג מיט אים איז ער אייך נאָכגעלאָפן, פאַרגעטערט, געחנפעט, פונקט ווי מען באַגייט זיך מיט אַ שיינע פרוי אין טעאַטער... איין מאָל האָב איך אייך געזען אין דער אָפּערעטע אָדראַן. איר האָט דעמאָלט באַקומען אַ סך בוקעטן בלומען, און נאָך אייערע קופּלעטן איז כּמעט קיין מענטש מיט קיין שוואַרצן פראַק נישט פאַרבליבן אין די לאָזשעס. דידאָזיקע אַלע מענטשן האָבן זיך אַרויסגעשאָטן אויף דער סצענע, כּדי אייך אויסצודריקן זייער דאַנק־באַרקייט... וויאַזוי האָט ראַול געקוקט אויף דידאָזיקע בוקעטן און דאַנקען? צי האָט ער אייך שפּעטער געמאַכט סצענעס? צי האָט איר געקענט אויפנעמען ווען איר האָט געוואָלט אין שטוב? צי האָט ער אייך געלאָזט עסן אָוונט-ברויט אַליין מיט אַן אַנדערן הער?...

אַך, ווי ליבלעך איר וועט זיין, אויב איר וועט מיר ענט־פערן אויף דידאָזיקע אַלע פראַגן!

אָט בין איך שוין צוגעקומען צום דריטן פונקט פון מיין קליינעם שמועס, און דאָס קען נישט ווערן באַהאַנדלט אַזוי לייכט. און אָט דאָ מוז איך מיך אָנגורטלען מיט רעדנערישער פאָרזיכטיקייט.

גלויבט מיר, אַז איך בין דורכאויס נישט קיין אומפּאַר־

שעמט מיידל. אָבער בעצם בין איך אַזוי אומווּיסנד, ווי ס׳רוב יינגע מיידלעך פון מיין סביבה. איר קענט זיך גאָרנישט פאָר־שטעלן, מאַדמאַזעל, ווי ס׳איז שווער צו פארשטיין די זאַכן, וועלכע זענען פאַרנעפּלט באַשריבן אין די ביכער אונטערן נאָמען: „זאַכן פון ליבע".

איך ווייס גאַנץ זיכער, אז נאָכן הייראַטן האַלט מען נישט אין איין טרוימען צוזאַמען, מען האַלט זיך נישט פאַר די הענט און מען קושט זיך נישט אויף אַ צערטלעכן אופן. איך שטויס זיך אָן דערויף, אַז ס׳ווערט דערלויבט אַ סך פרייהייטן, אָבער אָפנהערציק גערעדט פעלן מיר אויס אַ סך איינצלהייטן...

איך ווייס, אַז נאָך דער חתונה וועל איך האָבן אַזעלכע דאגות, וועלכע וועלן אפשר ביי אייך אַרויסרופן אַ שמייכל. אָבער דאָס קימערט מיך נישט. מיינע באָאָבאַכטונגען האָבן מיר באַוויזן, אַז אַ סך פרויען זענען אומגליקלעך אין זייער הייראַטס־לעבן און טאַקי אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער ליבע, מיט אַ געוויסע אָנגענעמע זאַך, וואָס איך ווייס נישט, און אויב איך פאַרשטיי, איז עס בלויז אויף דער העלפט... אַן אָנגענעמע זאַך, וואָס ווענדט זיך נאָר פון מאַן, וואָס זע׳ מאַן מוז עס זיי געבן...

איך האָב אויך באַמערקט, אַז אַ סך פרויען, וואָס האָבן חתונה מיט הולטייעס רופן צו זיך אַרויס אַ גרויסן רחמנות אין דער היינזיכט... מען רעדט וועגן זיי: „אָרעם קינד! ער וועט זי נישט איינמאַטערן!..." דידאָזיקע דבורים האָב איך געהערט רעדן אויפן חשבון פון מיינס אַ באַקאַנטער, אַ שיין מיידל; די מעשה האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב מיר געגעבן אַ וואָרט, איך זאָל מיך סטאַרען, אַז מען זאָל וועגן מיר אַזוי נישט רעדן אינם טאָג פון מיין חתונה...

אַזויווי מען באַדויערט די פרויען, וועלכע ווערן נישט „פאַרמאַטערט" פון זייערע מענער, וויל איך דעריבער מען זאָל מיך נישט באַדויערן און וויל זיין „פאַרמאַטערט". אָבער, ווי מען שמועסט, האָט ראַול געלעבט אַ טאָג. גאַנץ וויניק פאַרי־זער האָבן אַזוי געהולטייעט. איך בין מודה, אַז איך בין שטאַרק

אָנגעשראָקן. ס׳קען דאָך אַמאָל זיין, אַז ער זאָל ווערן דער ערשטער „פאַרמאַטערט״.

בלויז איר, מאַדמאַזעל, וועלכע האָט אויסגעפּרווט די ליבע... אין דער פּראַקטיק מיט מיין חתן... קענט מיר געבן די געהעריקע ידיעות.

און דאָס איז אַלץ.

איך האָב אָנגעשריבן דעם בריוו פון דער האַנט אַרויס. וואָלט איך אים איבערגעלייענט, וואָלט איך אים באַשטימט צע־ריסן. איך פאַרקלער זיך נאָך, צי זאָל איך אייך אים אָפּשיקן אין אַזאַ אָפּגהערציקער, נאַיווער פאָרם. באַשלאָסן האָב איך זיך דעמאָלט, ווען איך האָב זיך דערמאָנט אָן ראַולס ווערטער: „נינאַ איז אַ זיכערער פריינט...״

ענטפערט מיר שנעל, איך בעט אייך, און טראָגט נישט קיין שלעכטע געדאַנקען אויף אַ יינג מיידל, וועלכע האָט אייגנ־טלעך, בלויז איין דאגה: זי זאָל אַמאָל נישט זיין צו קנאַפּ ־רייצנד, כדי אייך צו קענען ירשנען...

## II.

א בריוו פון מאדמאַזעל נינא נינעס פון
בוף צו דער מאַרמדזעל סאָלאַנזש ד'ארק.

איר האָט זיך נישט אָפּגעגאַרט, מאַדמאַזעל, טראַכטנדיק, אַז אַן אָרעמע זינגערין, ווי איך, וועט זיך ווונדערן, ווען זי וועט באַקומען אַ בריוו פון אַ יינג מיידל פון דער העכערער געזעלשאַפט. גראָד בין איך צוגעוווינט צו באַקומען בריוו פון די הויכע פענסטער. אין מיין געהיימען שופלאָד ליגן אַ סך פאַרשריבענע פרויען=בריוו. אָבער איך בין מודה, אַז צום ערשטן מאָל באַקום איך אַ בריוו פון א כלה, וועלכע פרעגט זיך נאָך אויף די מעלות פון איר חתן. צוערשט האָב איך אפילו געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז דאָ שטעקט עפּעס אַ שפּיצל, אַן אָפּגערעדטע מעשה צווישן אייך און „אונדזער ראַול”... אָבער דער בריוו איז געווען דורכאויס אייערער. איך האָב זיך ער־קונדיקט דעמאָלט, ווען דער וויצע-גראַף האָט, לויט מיין בקשה, מיר באַוויזן עטלעכע בריוו, וואָס איך האָב אייך געשריבן; און אין עטלעכע געשיקטע פראַגעס, וואָס איר האָט אים געשטעלט, האָב איך באַשלאָסן, אַז ער ווייסט פון גאָרנישט צו זאָגן.

איצט האָב איך שוין, באמת, נישט געוווּסט וואָס מען טוט. צי האָב איך דאָס רעכט אייך צו געבן ידיעות? צי דאַרף איך אַמאָל נישט באַכטאָן די פּראָפעסיאָנעלע יאָר-עדות דעם דאָקטאָר, דעם נאָטאַריוס און דעם רעקטאָר וואָזשיראַר, וועגן וועלכע איר האָט דערמאָנט אין אייער בריוו? אויב אויף איי־ערע אָנפראַגעס וועל איך מיט אייך זיין ווייניקער אָפיציעל,

ווי די דריי אויבערדערמאָנטע פערזאָנען, צי וועט עס אַמאָל נישט הייסן, אַז איך בין מיט אייך צופיל אינטים?

איך ענטפער אייך בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב קיין שום שלעכטס נישט צו זאָגן וועגן אים. וואָס אנבעלאַנגט די דריי פראַגן, וואָס באַאומרויקן אייך, מוז איך אייך זאָגן דעם אמת, אַז איך גיב אים דערויף אַרויס דריי אויסגעצייכנטע די־פּלאָמען. מיט מיר איז ראַול געווען זייער פרייגיביק, ממש אַ פאַרשווענדער. מיט מיר איז ער תמיד געווען אין דער בעס־טער שטימונג און אייפערזיכטיק אויף קיין האָר נישט. מיט מיר איז ער, ענדלעך, געווען אַ נישט מידווערנדיקער געליב־טער. איך מיין, אַז דאָ האָט איר אַ תשובה אויף אַלץ, וואָס איר פרעגט מיך. מיט די עטלעכע ידיעות האָט שוין, אייגנט־לעך, מיין ראָל געקענט זיין פאַרענדיקט און ס'וואָלט נאָר גע־פעלט מיין פיינער אונטערשריפט...

אָבער איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס, ס'ווילט זיך מיר אייך אָנווייזן אויף אַ שטאַרקן טעות, וואָס פאַרראַט אייער בריוו. דערדאָזיקער טעות האָט מיך גערירט; דער טעות באַווייזט אויף אייער אמתער אומשולד.

און אָט אין וואָס ס'באַשטייט אייער טעות:

איר מיינט, אַז אויב אַ מאַן איז געווען פרייגיביק, נישט אייפערזיכטיק, היציק מיט זיין געליבטער, וועט ער אויך זיין היציק, נישט אייפערזיכטיק און פרייגיביק מיט זיין ווייב?

ס'איז פונקט פאַרקערט.

איך פאַרזיכער אייך, אַז דערין שטעקט נישט קיין שום פרויען־פאַלשקייט. איר זענט אין אַלע הינזיכטן מער געוווּנטשן, ווי איך. ערשטנס, ווייל איר זענט שענער, פיל שענער. איך ווייס עס גאַנץ גוט און נישט ווי איר מיינט, אַז אין וואַלד, אין טעאַטער, אויף די וועט־לויפן האָב איך אייך בלויז „באַ־מערקט"; איך האָב מיך גוט צוגעקוקט ביי יעדער באַגעגע־ניש. ראַול האָט נישט פאַרבאָרגן פון מיר זיינע פּראָיעקטן, און איך וואָלט גאָר קיין פרוי נישט געווען, ווען דאָס פּנים פון „מיין קעגנערין" זאָל נישט אַרויסרופן מיין נייגעריקייט.

איך האָב אייך שטאַרק געריימט פאַרן וויצע-גראַף, און ווען מען זאָל אונדז ביידע אָוועקשטעלן איינע לעבן דער צווייטער, וואָלט איך מיט מיין קאַצן-מינע געמאַכט דעם איינדרוק, ווי איך וואָלט געווען אייערע אַ דינסט. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן אייער דערציונג, אייער גייסט און נאָך אַ מעלה, וואָס איז שוין ביי מיר זייער לאַנג נישטאָ... די ערשטע פּירות... און דאַן קענט איר פאַרשטיין, אַז דער קאַמף איז נישט קיין גלייכער.

און דאָך האָב איך מורא, אַז ראַול, וועלכער איז צוויי יאָר געווען מיין בעסטער געליבטער, זאָל אַמאָל לעבן אייך נישט פאַרלירן ס'רוב פון זיינע מעלות.

אַט לאָמיר, למשל, נעמען זיין פרייגיביקייט... ווען ס'איז מיר אריין א פאַנטאַזיע אין קאָפּ, איז נישט געווען קיין שום טייערע זאַך אויף דער וועלט, וואָס דער וויצע־גראַף וואָלט מיר נישט געקויפט. אָבער אויספירנדיק זיך אַזוי, האָט ער פשוט מקיים געווען די פאַראַגראַפן פון אַ שטילן קאָנטראַקט, וואָס רעגולירט די באַציונגען צווישן אַ מענטש פון דער הויכער געזעלשאַפט מיט זיין געליבטער פון די נידעריקערע קרייזן. דער קאָנטראַקט, ווען מען וואָלט אים געוואָלט איבערגעבן אויפן פּאַפּיר, וואָלט געקענט אנטהאַלטן בלויז צוויי פאַראַגראַפן:

פאַראַגראַף 1. — הער נ. באַפרידיקט אַלע באַדערפענישן פון דער מאַדמאַזעל ז. און גיט נאָך אַלע אירע פאַנטאַזיעס.

פאַראַגראַף 2. — דערפילנדיק דעמדאָזיקן באַדינג, האָט הער נ. דאָס רעכט זיך אָנצורופן געליבטער פון דער מאַדמאַזעל ז...„ דאָס הייסט, אַז פון צווישן די אַלע וועמען מאַדמאַזעל ז. ווייזט אַרויס איר נייגונג, האָט ער אַליין דאָס רעכט זיך אָנצורופן „דער אָפּגעגעבענער".

ס'איז גאַנץ קלאָר, אַז איינם טאָג, ווען הער נ. וועט נישט נאָכגעבן אַ קאַפּריז פון דער מאַדמאַזעל ז. איז אויס קאָנ־טראַקט און די מאַדמאַזעל ז. האָט די פולע רעכט זיך אויסצו-זוכן אַן אַנדערן, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן אירע פאַרלאַנגען. הייסן הייסט עס, אַז זי זוכט כסדר אַ בעסערן; און אויב זי פאַר־בלייבט די געליבטע פון מסיע נ. איז עס אַ סימן, אַז זי האָט

פאָדלויפיק קיין בעסערן נישט אויסגעזוכט... חוצדעם האָט זי, נאָך אַנדערע מיטלען, מיט וועלכע צו באַשטראָפן דעם מסיע ג. פאר זיין קאַרגשאַפט. וואָס טוט זי? דעם צוקער-לעקעכל גיט זי אים נישט תיכף, נאָר רייצט זיך מיט אים, ווי מיט אַ הינטל ביז וואַנען ער מוז איר נאָכגעבן.

איר וועט מיר זאָגן, אַז אַ געזעצלעכע פרוי קען זיך אויך אַזוי באַגיין. ניין, זי קען נישט. דער מאַן איז געשיצט דורך געזעצן, וועלכע פארטיידיקן נישט דעם געליבטן. ער האט דאָס רעכט צו באַפעלן. ער האָט דאָס רעכט צו פאָדערן זיין ווייב׳ס ליבע אין וועלכע שעהן ס׳ווילט זיך אים נאָר. און ווען זיין ווייב זאָגט צו אים: „אויב דו קויפסט מיר נישט די אוירינגלעך, וואָס איך האָב געזען אין די שויפענסטער פון פאָנטאַנאַ, וועל איך אַוועקגיין נעכטיקן צו דיין פריינט דריישטערן" — האָט דער מאַן דעמאָלט דאָס רעכט צו פאַרשליסן זיין ווייב, און די אוירינגלעך בלייבן אין געשעפט.

ווען ס׳זאָל עקזיסטירן אַזא געזעץ, וואָס וואַרפט אונטער די ארטיסטקעס אונטער די קלוב-לייט, וואָלט קיין אַרטיסטקע נישט געהאט קיין צימער, קיין וווינונג, קיין בריליאַנטן, קיין טייערע חפצים. אָבער אַזאַ געזעץ עקזיסטירט נישט. האָבן די קלובלייט דאָס רעכט צו פירן די אַרטיסטקעס וווהין זיי ווילן, און די אַרטיסטקעס האָבן דאָס רעכט זיי צו שיקן צו אַלדע רוחות.

אָבער ווי נאָר אַזאַ קלוב-מענטש האָט חתונה, ווי נאָר ער פילט, אַז דער געזעץ שיצט אים, איז ער זיך נוקם. און יעדעס מאָל, ווען ער זאָגט אָפּ זיין ווייב צו קויפן עפּעס אַ צירונג, דאַכט זיך אים, אַז ער נעמט אָפּ איינע פון די, וועלכע ער האָט אַמאָל געשענקט זיינע געליבטער.

וואָס שייך אייפערזוכט, וואָס שרעקט אייך אַזוי, איז אויך פאַראַן אַ חילוק צווישן אייך און איר.

דער געליבטער פון אַן אַרטיסטקע, אויב ער איז נישט אייפערזיכטיק, באַווייזט עס נאָר, אַז ער האָט פאַרשטאַנד.

דערלויבט מיר זיך אַליין צו נעמען פאר אַ ביישפּיל.

ווען ראַול האָט מיך אויסדערוויילט פאַר אַ געליבטער, האָב איך שוין דעמאָלט געהאַט אַ פינף געליבטע. איך בין געווען אַן אָנפאַנגערין, און ווער האָט זיך אַרום מיר נישט געדרייט: סטאַטיסטן, דירעקטאָרן, זשורנאַליסטן, שרייבער... און פאַרגעסט נישט, אַז יעדע אָפּערעטע האָט לכל-הפחות דריי, פיר אויטאָרן.

איבעריקנס, האָט ראַול נישט געטראַכט צו זיין מיט מיר מער ווי צוויי יאָר, ווייל שפּעטער האָט ער זיך געגרייט חתונה צו האָבן.

איך פרעג אייך, וואָסער באַדייטונג האָט פאַר אים געקענט האָבן מיין געטרייקייט אינעם משך פון די צוויי יאָר?... ער האָט דערויף קיין אַכט נישט געלייגט, און ער איז געווען גערעכט. ער האָט מיך נאָר געבעטן, איך זאָל פון אים נישט מאַכן קיין נאַר. אַלזאָ, האָב איך זיך געהיט.

אָבער זיין ווייב, מאַדמאַזעל סאָלאַנזש! אָבער איר! איר מוזט פילן, אַז ס'איז נישט דיזעלבע זאַך! איר זענט אַן אוצר, צוואַנציק מאָל טייערער פון מיר, אַן אוצר, וואָס קיינער האָט נאָך נישט געהאַט! ראַול נעמט אייך אויפן גאַנצן לעבן און נישט אויף אַ קורצע, אָדער לענגערע צייט. אַ דאַנק אייך, ווייל ראַול געווינען כבוד, ווייל אַז זיינע קינדער זאָלן זיין געזעצלעכע און נאָך אַ סך זאַכן, וועגן וועלכע ס'האָט צווישן אונדז ביידן קיינמאָל גאָר קיין פראַגע נישט געקענט זיין! און פונקט אַזוי ווי ער האָט אויף קיין האָר נישט אָפּגעשאַצט די טרייקייט פון דער געליבטער, וועט ער גאָר לייגן גרויס אַכט אויף דער טרייקייט פון זיין ווייב.

און אויס אייגענער דערפאַרונג ווייס איך מסתם גאַנץ גוט, אַז אָרנטלעך זענען געווייגלעך די פרויען, וועלכע האָבן נישט די געלעגנהייט צו זינדיקן... אַלזאָ, וועט ער אפשר זיין ווייב אַ ביסל אַ דריק טאָן... זייט אייך מישב!

בלייבט נאָך איבער אייער דריטע פראַגע. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז ביי אייך די וויכטיקסטע. איר ווייסט נישט אויף ריכטיק וואָס הייסט אַ מאַן, וועלכער „באַפרידיקט"

זיין ווייב; אָבער צוליב מיין זיכערקייט, האַלט איך בעסער אַ מאַן ער זאָל אייך „באַפרידיקן".

אַפילו דאָ ענטפערט אייך די געליבטע: דער געליבטער איז געווען אויסגעצייכנט... איך ווייס נישט וואָסער מאַן ער וועט זיין... אדער נאָך בעסער, איך פארשטיי, ווייל ער האָט מיר עטלעכע מאָל אַרויסגעוויזן זיינע פרינציפּן. פונקט ווי אַלע לעבעיונגען, אַזוי אויך האָט ראַול פיינט די פרוי, די פרוי, אַלס אינסטרומענט פון ליבע. אַלזאָ, איז ער באַשלאָסן נישט צו מאַכן פון דער פרוי אזא מין אינסטרומענט, און אויב ער האָט אויסגעקליבן אַ שיינע, איז כדי זיך צו פאַרשאַפן כבוד; און די פליכטן פון אַ מאַן זענען אים אָנגענעם. איך וויל אייך נישט איבערצייגן, ווייל ס'איז נישט מיין עסק אייך צו לערנען אַזעלכע זאַכן, וואָס איר ווייסט נישט... אָבער איך בין זיכער, אַז דער וויצע-גראַף וועט האָבן גרויס דרך-ארץ פאַר זיין ווייב, וועט איר גערן לאָזן שלאָפן, נישט אויפהערנ-דיק זי גאַנץ אָפט. מיט איין וואָרט ער וועט נישט ווערן, אַז זיין ווייב זאָל זיין דאָס, וואָס איך און נאָך אַ סך אַנדערע זענען געווען פאַר אים: זיינע געליבטע.

מיין אויפגאַבע איז פאַרענדיקט, מאַדמאַזעל, און איך האַלט, אַז איר ווייסט אַלץ... מיר דאַכט זיך, אַז איך זע אייך אַ פאַרדאַגעטע, אַ פאַרספּקטע און גרייט אויסצורייידן אויף מיר אַלע שלעכטע זאַכן, איידער זיך אָפּצוזאָגן פון אייערע טרוימען, אויף וועלכע איר האָט ביי מיר געבעטן אַ באַשטע-טיקונג.

באַשולדיקט מיך נישט, איך בין געווען אויפריכטיק. איך בין נישט שולדיק, וואָס מיין אויפריכטיקייט האָט אייך פאַרשאַפן ליידן. איך האָב פאַר אייך אנטפּלעקט אַ גרויסן אמת: די פרוי און די געליבטע פון איין און דעמזעלבן מאַן, קענען ביידע אַ גאַנץ אַנדער מענטש... מיינט איר דאָך, מסתּם, אַז איך רעד אייך אָפּ התונה צו האָבן מיט אים? ס'הייבט זיך נישט אָן! וואָס שנעלער ווערט די ברעפין פּאַסקיע! אזא ווי איר נעמט

אים איז עָר נאָך איינער פון די בעסטע מענער, וואָס איר וואָלט געקענט אויסקלייבן.

נאָך אַ זאַך, דעם מאַן, וועגן וועלכן איר חלומט, וועט איר נישט געפינען. אלע יונגע מיידלעך טרוימען וועגן אַזאַ מאַן, אָבער מען געפינט אים נישט. איר ווייסט פארוואָס? ווייל ער עקזיסטירט נישט... ווייל אַזאַ מאַן איז נישט קיין מאַן. אַזאַ איינער רופט זיך אָן ג ע ל י ב ט ע ר.

---

# אַ עצה צו ליבע

א בריוו פון דער באַראָנעסין דע־ראָזיל צו דער
מאַדאַם גאַבריעל דיקלאָ

צי דערמאַנסטו זיך, מײַן קלײנע גאַבי װעגן דעם ראָ־מאַן, װאָס מיר האָבן בײדע צוזאַמען געלײענט דעם פֿאָריקן סעזאָן, אויף די ים־בעדער? אײן סצענקע האָט אונדז גערירט און לאַנג־לאַנג האָבן מיר באַכדעם געטרוימט און געשמועסט דערפֿון. ס'האָט זיך דאָרט געהאַנדלט װעגן אַ פֿרוי, װאָס דער מאַן האָט איר אָפּגענאַרט, און װי נאָר זי דערװיסט זיך דער־פֿון, לויפֿט זי אַװעק צו אײנעם, װאָס דרײט זיך אַרום איר און — טראַך! — זי גיט זיך אים אָפּ, אָן שום הכנות.

מיר האָבן בײדע אײנגעשטימט, אַז דאָס איז די בעס־טע עצה, װיאַזוי אָנצולערנען אַ מאַן פֿאַר זײַן אומטרײַקײט. אָבער נישט געקוקט דערויף, װאָס אונדזערע בײדנס מענער פֿאַרראַטן אונדז, נוצן מיר דאָך נישט אויס דעמדאָזיקן מיטל, פּונקט װי מיר װאָלטן געװען צופֿרידן פֿון זײער האַנדלונג. מיר האָבן הײסט עס געמאָלדן, אַז דידאָזיקע „עצה צו ליבע" קען דורך אונדז בײדן נישט אויסגענוצט װערן.

אַלזאָ, מײַן טײַערע, מיר האָבן אַ טעות געהאַט. איך האָב אויסגענוצט דעמדאָזיקן מיטל, װײַניקסטנס, האָב איך פּרו־בירט אים אויסצונוצן. און מײַן גליק, אַז דאָס איז דערפֿאַר, װײַל דער באַראָן ראָזיל האָט פֿאַרביטן זײַן אַלטע געליבטע מיס סימפּסאָן אויף אַנאַ דעלאָרמעל. אדרבה, דערדאָזיקער אויס־טויש האָט מיר נאָר געקענט פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן, אַ דאַנק דערדאָזיקער ענדערונג האָט דער באַראָן װײַטער געלאָזט אין גאַנג אַ גאַנצע סדרה מיט ליגנס. איך װײס אָבער אַלץ װעגן

מיס סימפסאָן און אַלע פליאַטקעס וועגן דער קליינער דע-לאַרמעל.

אָבער מיין מאַן, נאָך זיין אָנקומען קיין פּאַריז, איז ער געוואָרן קאַרג און אייפערזיכטיק, אָדער בעסער געזאָגט, קאַר-גער און אייפערזיכטיקער. אך, מיין קליינע גאַבי, ער מאַכט מיר סצענעס ביי יעדן עסן. פאַרן קלענסטן פלירט, פאַר דער קלענ-סטער אויפמערקזאַמקייט צו עמיצן — אומאַנגענעמע באַוועגונ-גען און הויכע ווערטער. אָט, נעכטן פרי, נאָכן פרישטיק, האָט זיך דער באַראָן דערלויבט מיר צו מאַכן עטלעכע רמזים בנוגע מיין פריינטשאַפט צו דיר, בין איך אויף אים שטאַרק אין כעס געוואָרן, כ'האָב פאַרלאָזט דעם טיש, אַרויף צו זיך אין צימער און געוויינט מיט ביטערע טרערן. נאָכדעם האָב איך געטראַכט וועגן „דער עצה צו ליבע", איך האָב געווישט מיינע אויגן, געטראַכט נאָך פינף מינוט, און נאָך גרויס ישוב-הדעת בין איך אַרויס פון שטוב.

ביי דער גאַס ריסדאַעל, האָב איך גענומען אַ דראָשקע, אָנגעבנדיק דעם קוטשער דעם אַדרעס: אַנזשו-גאַס 35, דעם אַדרעס פון ראַלאַן ווילבואַזע. בעת מיינע פינף מינוט טראַכטן האָב איך געמאַכט דעם בילאַנס פון מיינע אַלע פאַרערער. פיר פון זיי אַלע זענען געווען די וויקטיקסטע: דער הערצאָג ד'אודין, ראַלאַן, דער קאַפּיטאַן סען-קרעס און ראַול פּערילע, אַ סימבאָלישער ראָמאַניסט. אודין האָט שטאַרק אויסגענומען ביי מיר, ווייל ער איז געווען דער עלטסטער און בעסער פון אַלע דערצויגן; ער האָט זייער שיינע, צאַרטע מאַנערן, ער באַזיגט פרויען אָן שמערצן, פּונקט ווי אַ פעיקער דאַנטיסט רייסט אַרויס אַ צאָן. אָבער ער איז נישט פאַר מיר. מיט אַ טאָג פריער האָב איך מיט סאָפיע לאַפּאָן נישקשהדיק געלאַכט פון זיין פאַרוק. ס'אַראַ צורה ער האָט מיט זיין פאַרוק! — איך האָב מיך, אַלזאָ, אָפּגעזאָגט פון דעמדאָזיקן נסיון. איך האָב אויס-געשטעלט אין דער ריי די איבעריקע דריי, לויט זייערע פאַר-דינסטן.

ראַלאַן

דער קאַפּיטאַן

ראַול פּערילע

„ס׳וועט זיין שיין, האָב איך געטראַכט, אויב איך וועל קיינעם פון די דריי נישט טרעפן...״

מיט מיין ערשטן פּרווו האָב איך געהאַט אַ דורכפאַל: ראָלאַן איז נישט געווען אינדערהיים. ער איז מיט אַ טאָג פריער אַוועקגעפאָרן קיין ניצע... — איך וועל זיך שוין מיט אים אָפּרעכענען, ווען ער וועט קומען צוריק!...

איך האָב א קוק געטאָן אויף דער ליסטע: „דער קאַפּי־טאַן סען=קרעס דעזשענעט-גאַס 3

דעזשענעט־גאַס! ווו געפינט מען זי? מיין קוטשער איז געווען אין פאַרלעגנהייט... ער האָט נישט געוווסט צו זי גע=פינט זיך לעבן דער אָבסערוואַטאָריע, אָדער אין די געגנטן פון טראָקאדעראָ. ער האָט אַ פרעג געטאָן אַ פּאָליציאַנט, וועלכער האָט אָנגעהייבן צו קוקן אין אַ ביכל. איך האָב געפילט, אַז איך שטאַרב פון קעלט. דער פּאָליציאַנט האָט זיך אָנגערופן:

„ס׳איז ביי גרענעל, צווישן דער אוניווערזיטעט־גאַס און קע דע=אָרסע.

— „איך ווייס שוין!״ האָט געזאָגט מיין קוטשער.

און אויסדרייענדיק זיך צו מיר, האָט ער געפרעגט:

„אַלזאָ פאָרן מיר?

אָבער בעת מיר זענען געפאָרן, האָב איך געהאַט אַ גאַנ־צע שעה צייט צו טראַכטן. איך בין געווען אין פאַרצווייפלונג... מיטאַמאָל האָב איך זיך ווידער דערמאָנט וועגן דער ליסטע.

„ראַול פּערילע קאַסטעלאַן-גאַס 51״.

קאַסטעלאַן גאַס, מיין טייערע! זי האָט זיך גראָד געפו=נען נישט וויט! איך האָב מיין קוטשער תּיכּף אויפגעגעבן דעם אַדרעס פונם ראָמאַנטיקער. דריי מינוט רייזע. איך האָב נישט געהאַט קיין סך צייט צו טראַכטן. „ער קען נאָך אַריינגעבן די גאַנצע מעשה אין זיינעם אַ ראָמאַן, האָב איך געטראַכט. און נאָכדעם? אַ פרוי פאַרראַט איר מאַן, דאָס איז נישט קיין נייס, ס׳איז נאָר אַ נייס פאַרן מאַן״.

און ביים געדאנק, אַז מיין מאַן, דער באַראָן, וועט לייענען דערפון, איז מיר אַ ציטער פון צופרידנקייט איבער אַלע מיינע גלידער.

דער ראָמאַנטיקער ווינט אין זייער אַן אומעטיק הויז, ווו דער דינער רעדט שטיל, ווו מען דאַרף אים געבן אין יד אריין, כדי ער זאָל אַריינלאָזן אין די אַפּאַרטאַמענטן.

„דער הער איז נישטאָ... דער הער קען נישט אויפנעמען... דער הער וועט זיכער שרייבן אויף מיר... דער הער אַרבעט...”

ער האָט צוגענומען די פּאָר גראָשן און זיך נישט גערירט פון אָרט.

„זאָגט, אַז דאָס איז די באַראָנעסין ראָזיל”, האָב איך געזאָגט אין מיין פאַרצווייפלונג.

דאָ, אין דעמדאָזיקן הויז האָט מען מסתם דרך־ארץ פאַר אַריסטאָקראַטן. דער דינער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן און תיכף צוריקגעקומען און געזאָגט זייער העפלעך:

„זאָל די מאַדאַם זיין אַזוי גוט און גיין נאָך מיר.

...ער האָט אמת געזאָגט, זיין יונגער באַלעבאָס האָט געאַרבעט. ער האָט געאַרבעט אין אַ קליין צימערל, אָנגעשטעלט מיט פאַרשידענע שמאָכטעס, אַז ס'איז דאָרט נישט געווען ווו זיך קיין ריר צו טאָן, און דאָרט איז געווען אַזאַ פינסטערניש, אַז כ'האָב דאָרט צוערשט קיין איין זאַך נישט דערקענט... מיין האַנט האָב איך געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט. אָבער דער יונגער הער האָט זיך באַלד אָנגערופן:

„ווי איידל איר זענט, טייערע באַראָנעסין, וואָס איר האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן מיר, וועגן דעם אָרעמען קלויזניק”.

ניין! איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבן אַזוי נישט געזשאַלעוועט, וואָס איך האָב נישט קיין זכרון און געוועלטיק נישט מיט דער פּענע, כדי איבערצוגעבן דעם גאַנצן געשפּרעך מיטן ראָמאַנטיקער פּעריל. ס'איז געווען אַ פּאַרלעזונג, מיין טייערע גאַבי, ער האָט געפלוידערט די גאַנצע צייט. ער האָט מיט באַגייסטערונג גערעדט וועגן מיין פלוצלונגן וויזיט, צוגעבנ=

דיק, אַז ס'איז גאַנץ נאַטירלעך: אַ האָלטעטיקער וויזיט... אַ באַזוך ביים אָרעמסטן אָרעמאַן"... און תיכּף האָט ער אָנגעהייבן צו רעדן וועגן זיך אַליין, וועגן זיין אַרבעט, וועגן די קאָפּ־פאַרדרייעניש, וואָס ער האָט, בשעת ער וווינט אין פּאַריז, וועגן די נסיעות, וואָס פאָדערט זיין שלעכטער געזונט־צושטאַנד א. אז. וו... לויט זיין מיינונג זענען די לאַנגע אָפּוועזנהייטן אַ נוצלעכע זאַך און אַז אמתע סענטימענטאַלע נשמות דאַרפן אָפּטרעטן פון זייער גליק, אויב דאָסדאָזיק גליק איז נישט ביכולת צופרידנצושטעלן דער געליבטער. נאָכדעם האָט ער ציטירט באַלזאַקן, וועלכער האָט אַרויסגעזאָגט שיינע און קלאָרע געדאַנקען איבער דער ליבע־היגיענע פון אַרטיסטן. ער האָט אַרויסגעזאָגט דעמדאָזיקן אַפּאָריזם: „יעדער קוש איז קאַנאַפּסטנס אַ נאָוועלע." איך האָב אים אויסגעהאָרכט מיט איין אויער־מיט פלאַפלער פיל איך זיך נישט גוט, ווייל איך קען קיין וואָרט נישט אויסרעדן.

ווען ער האָט אויפגעהערט צו רעדן, האָב איך זיך אויפגעהייבן. נאָכאַמאָל אַ קוש אין דער האַנט. איך גיי אַרויס, און אָט זיץ איך שוין ווידער אין מיין דראָשקע. איך בין געווען אויפגערעגט. איך האָב אויפגעגעבן דעם קוטשער דעם אַדרעס פון קאַפּיטאַן סען־קרעס.

„יענער, האָב איך געטראַכט, האָט אַזאַ גוטע רעפּוּטאַציע, אַז ער וועט נישט ליגן זאָגן. זאָל ער כאָטש זיין אינדערהיים! נישט וויכטיק! אויב ער איז אַוועק, וועל איך וואַרטן ביז וואַנען ער וועט קומען...

די רייזע האָט לאַנג געדויערט. פינף אַזייגער זענען מיר ערשט אָנגעקומען! אַך, מיין טייערע! ס'אַראַ געגנט! ס'אַראַ הויז!... אַ מין אכסניה, וווּ ס'וווינען אַ צוואַנציק אָפיצירן פון דער מיליטער־שולע, קינדער שרייען אין די קאָרידאָרן, אָרדאָנאַנסן פוצן רויטע־הויזן אין פאָדער־הויז. וואָס זאָגסטו צו אַזאַ וווינונג? מען זאָגט, אַז ער האָט נישט מער ווי זיין פּענסיע.

אַ זעלנער האָט מיך צוגעפירט אין דעם קאַפּיטאַנס וווינונג. ער איז געווען אַזוי ווייט העפלעך, אַז ער האָט אָנגע־

קלונגען פאַר מיר. צוערשט האָט זיך קיינער נישט אָנגערופן. דער זעלנער האָט נאָכאַמאָל געקלונגען. איך האָב דערהערט אַ גערויש פון טריט, פון טירן וואָס האָבן זיך אויפגעעפנט און אַ געשריי פונם קאַפּיטאַן:

„וואָס איז עס פאַרא קלינגעריי?

— הער קאַפּיטאַן, האָט געזאָגט דער זעלנער, אַ פרוי וויל רעדן מיטן קאַפּיטאַן.

— אַ פרוי?... וואָסער פרוי?...

— איך קען זי נישט, הער קאַפּיטאַן.

— וואַרט... איך גיי עפענען."

אין אַ רגע אַרום האָט ער אויפגעעפנט. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן בלויז אין הויזן און אין אַ נאַכט-העמד. זיינע האָר און וואָנסעס זענען געווען צעפּלוישט, פּונקט ווי ער וואָלט אַקאָרשט אַרויס פון בעט. ער איז געוואָרן צעחושט, ווען ער האָט מיך דערזען. ער האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט און מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסן העלן צימער, מסתם זיין סאַלאָן. ער האָט אָנגעהייבן צו שטאַמלען:

„איר דאָ, באַראָנעסין?... איר!... דאָס זענט איר!...

איך האָב מיין געדולד פאַרלוירן. איך האָב אים גאַנץ פשוט געמאָלדן, צוליב וואָס איך בין געקומען:

„שוין פון זייער לאַנג טענעט איר, אַז איר ליבט מיך. אַלזאָ, אָט בין איך!... ביי אייך..."

אין דערזעלבער רגע האָט זיך דערהערט אַ לייכטער גערויש אין שכנותדיקן צימער. עס האָט זיך אַפילו אַ ביסל צעעפנט די טיר, און איך האָב דאָרט דערזען עפּעס אַ געשטאַלט. דער קאַפּיטאַן האָט מיך געדריקט אין זיינע אָרעמס, געקושט מיינע אויגן, מיינע ליפּן מיט גרויס תאווה. איך האָב געטראַכט „גאַנץ גוט, אין אַ פינף מינוט אַרום וועל איך שוין זיין מיט מיין מאַן קוויטירט."

אָבער פּלוצלונג האָט מיך דער קאַפּיטאַן אָפּגעלאָזט, דורכגעפירט זיין האַנט איבער די אויגן און אַ שטאַמל געטאָן:

„איך בין חסר=דעה... ס'איז אוממעגלעך..." ער האָט זיך געטאָן

אַ דריי איבערן צימער און פּאַלנדיק אויף די קני לעבן מיר, האָט ער געזאָגט:

„באַראָנעסין, איך בין אַן אומגליקלעכער, וואָס פאַרלירט דאָס גרעסטע גליק אין זיין לעבן... אָבער איך האָב נישט דאָס רעכט צו בעגיסן פון מיין גליק... פּונקט איצט געפינט זיך ביי מיר אַ פרוי... אין צווייטן צימער... זי איז נערוועז, אייפער־זיכטיק. אויב איר פאַרבלייבט דאָ לענגער וועט זי אַריינקומען און מאַכן די גרעסטע סקאַנדאַלן. איך הער שוין, ווי זי באַ־וועגט זיך דאָרט..."

אוי באמת, עפּעס אַ האַנט האָט זיך שוין געפּאַרעט ביי דער טיר... דו פאַרשטייסט דאָך, אַז איך האָב שוין נישט גע־האַט אויף וואָס צו וואַרטן. דו זעסט, ווי די באַראָנעסין דע־ראָזיל איז „אָפּגעצוואָגן געוואָרן" פון אַ מיליטערישער קאָקאָטע. איך האָב געכאַפּט די פיס אין די הענט און געלאָפן; און ביז צו דער טיר איז מיר דער קאַפּיטאַן נאָכגעלאָפן, בעטנדיק איך זאָל אים באַערן מיט נאָך אַ וויזיט. כדי זיך אָפּצושעפּן פון אים, האָב איך אים פאַרשפּראָכן צו קומען מאָרגן אין דערזעלבער צייט. דו פאַרשטייסט דאָך, ווי איך וועל גיין!

... און נאָכדעם בין איך געקומען אַהיים, אַ דענערווירטע, אַ צעפּרוירעגע, אַן אָפּגעמאַטערטע, און זיך געלייגט אין בעט אַריין. אַלזאָ איך האָב געכטן געהאַט געגוג האַרץ־ווייטיק און אָפּ־רעכענען זיך מיטן מאַן איז מיר נישט געלונגען. אַ פיינע מעשה! איך האָב קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז אַ דרייסטער און נישט קיין מיאוסער פרוי זאָל אָנקומען אַזוי שווער זיך אָפּצורעכענען מיטן מאַן.

---

# דער לעצטער געליבטער

א בריף פון מאדאם לעקוטעליע פון בורזש צו מאדאם עספעראן פון פאריז.

דיין בריוו, מיין טייערע מאַטילדע, איז פול מיט באַאומרויקונג, און מיט גרויס ליבע ווילסטו וויסן נייעס מכּוח מיין געזונט. מיין שטילשווייגן טייטשסטו אויס, אַז איך מוז זיין שטאַרק נידערגעשלאָגן. אַזוי אָבער ווי דו ווייסט דאָך, מיין אַלטע חברטע, וואָסער שרעקלעכן קלאַפּ איך האָב באַקומען מיט פינף חדשים צוריק — פאָדערסטו מיט אַ צאַרטע אומבאַשיידנקייט, איך זאָל דיר אָנפאַרטרויען אַלע פּרטים פון מיין ווייטיק.

אַלזאָ! יאָ, מיין טייערע, איך האָב געוויינט, איך האָב געליטן, איך האָב דעם טויט אויף זיך געבעטן, ווען פּיער דעלאַוואָ, דער מענטש, וועלכן איך האָב געליבט ווי מיין לעבן, האָט מיך אויף אַ ברוטאַלן אופן אַוועקגעוואָרפן... און שפּעטער האָט מיר אַן אומדערוואַרטעטע זאַך ווידער געגעבן בטחון און אויך כּוח צו לעבן... און אָט איצט בין איך געטרייסט, באַרויקט, כּמעט גליקלעך...

אַלץ, וואָס איך האָב דיר אויבן געזאָגט איז פאַר דיר פאַרבאָרגן אונטער אַ שלייער. אַלזאָ, הער מיך אויס: דו וועסט מיר פאַרשטיין, דערלויב מיר בלויז אַ ביסל ברייטער זיך אָפּצושטעלן אויף די געשעענישן, ווייל צוליב אונדזער צושיידונג ווייסטו נישט פון אַ סך זאַכן.

דו געדענקסט מסתּם די באַדינגונגען פון מיין חתונה מיט אַלפרעד לעקוטעליע, מיט ניינצן יאָר צוריק; דו געדענקסט דאָך אונדז'זערע לעצטע מיידלשע וואַקאַציעס, וועלכע מיר האָבן

פֿאַרבראַכט אינם גוט פֿון מײַנע עלטערן און סופֿיז. אַך! די פֿרײלעכע װאַקאַציעס מיט דער שמחה, אַז מיר װערן ענדלעך באַפֿרײט פֿון דער פֿאָטערלעכער אָפּיעקע! די שטוב תּמיד פֿול מיט מענטשן, און דאָס לעבן פֿאָרויס פֿאַר אונדז! װאָס איז געװאָרן מיט אַלע פּראָיעקטן, פֿון אַלע אַחאַנטורעס, װאָס מיר האָבן געפּלאַנט, שפּאַצירנדיק אויף די אַלעען פֿון אונזער גרויסן פּאַרק! דו האָסט געװאָלט חתונה האָבן מיט אַ קאָנסול, כּדי אַװעקצופֿאָרן איבער די ימים. איצט, װען איך טראַכט דערפֿון, װוּנדערט עס מיר שטאַרק. אָבער דעמאָלט איז עס בײַ מיר געװען גאַנץ נאַטירלעך, און איך האָב אפֿילו פֿון דיר נישט געפֿאָדערט קײן דערקלערונגען... די טײַערע צײַט פֿון נאַריש־קײטן! אָבער מיט מײַן נאַרישן שׂכל האָב איך באַשלאָסן, אַז איך װעל חתונה האָבן מיט אַן אָפֿיציר און די הויפּטזאַך: מיט אַ קאַװאַלעריע־אָפֿיציר!

גאָט אַלײן װײסט, צי איך האָב דעמאָלט געטראַכט װעגן קלײנעם לעקוטעליע, עטװאָס עלטער פֿון מיר, װעלכער האָט נאָר־װאָס פֿאַרענדיקט די שולע פֿון פּאָן־דע־שאָסײ, האָבנדיק אַן איבערגעשראָקענעם אויסזען און אומגעשיקטע זשעסטן! װען מײַן טאַטע האָט מיר אײַנמאָל איין אָן אָװנט געמאָלדן, אַז דערדאָזיקער פּאַרשױן װעט זײַן מײַן מאַן, האָב איך אָנ־געהײבן צו לאַכן, דערנאָך זיך פֿאַנאַנדערגעװײנט. אָט דער שנײעק: מײַנער אַ מאַן!... איך, װאָס האָב בלויז געלײגט אַכט אויף מענער פֿון פֿינפֿאונדרײַסיק־יעריקן עלטער, אויב זײ זע־נען געװען העפֿלעך, און אויף מיליטער־לײַט, אָנהײבנדיק פֿון אַ קאַפּיטאַן־ראַנג!... ס'איז נישט װיכטיק, איך האָב זיך אונ־טערגעגעבן, פּונקט װי מיר גיבן זיך תּמיד אונטער, װען מיר גײען חתונה האָבן. צוליב דער חתונה, צוליב די חתונה־מתּנות, צוליב די צערעמאָניעס, צוליב דער לוסט־רײַזע, צו־ליב װיזיטן, צוליב קאָרטן מיטן מסיע און מאַדאַם N... אומ־גליקלעכע אידיאָטן!

מײַן מאַן, נישט קוקנדיק אויף זײַן אויסזען פֿון אַ גימ־נאַזיסט, איז געװען אַ סימפּאַטישער יונג. ער איז געװען פֿאַר־

זיכערט מיט אַ שפּאָרן קאַפּיטאַל פון זיין מוטער. חוצדעם האָט ער געהאַט פּאַר זיך אַ גלענצנדע צוקונפט, ווייל זייענדיק דער דריטער שילער, האָט ער שוין געהאַט אַ גוטע שטעלע אויף דעם אָרלעאַנער אייזנבאַן־וועג. קורץ גערעדט, ער האָט מיך פאַרגעטערט. אָבער וואָס קומט אַרויס? נאָך אונדזער חתונה, האָב איך, פּונקט ווי פריער, נישט גענומען די זאַך אויף ערנסט. אדרבא, נאָך ווייניקער ערסט ווי פריער! אַלזאָ, אַלס מאַן, האָט דער אָרימער יונג דערפילט זיינע פונקציעס, ווי אַן אָנפאַנגער מיט אַן אומגעשיקטער פשוטקייט. איך האָב אים געלאָזט רעדן און רעדן, ווייל אזא טבע האָבן ס׳רוב ערשטע שילער פון די הויכשולן.

דאס הרגעט זיי אָוועק! צוליב צוויי סיבות שטעלן די ווייבער זיי שנעל אַרויס הערנער. די צווייטע סיבה איז די, ווייל אין לעבן באַגעגענען זיי און חברען זיך מיט אַ סך אָפיצירן, וואָס זענען נאָך געווען זייערע חברים אין שולע און וועלכע גייען תיכף אריבער מיט זיי פער „דו״.

אין בורזש איז אַלפרעד געוואָרן באַן־אינספּעקטאָר, צוויי חדשים נאָך אונדזער חתונה. דער אַרסענאַל און די פּיראָטעכנישע שולע האָבן מיך איבערגעפירט. יעדן טאָג פלעגט אַלפרעד אַריינפירן צו אונדז אין שטוב אריין עפּעס אַ גרויסן יונג מיט וואָנסעס, מיט אַן אויסגעפּוצטן מונדיר און מיט אַ קלינגענדיקן שווערדל, זאָגנדיק:

— מיין טייערע אַלבערטין, איך האָב דעם כבוד דיר פאָרצושטעלן, אזא און אזאַ, מיינער אַ חבר (אַמאָל אַן אַלטער חבר און אַמאָל אַ בייער) — איינער פון אונדזערע שענסטע קאַוואַלעריע־אָפיצירן.

און זיי האָבן זיך געדוצט אויף וואָס די וועלט שטייט... און ווען מען דוצט אזוי שנעל דעם מאַן איז מען גענויגט איבערצוגיין פער „דו״ אויך מיטן ווייב...

ס׳איז דעמאָלט געווען די אמתע צייט פון מיין משוגענער יוגנט, פון צוואַנציק ביז אַכטאונצוואַנציק יאָר. אין יענער צייט האָב איך, בכלל, נישט געקאָנט זאָגן, אז איך האָב

ליב געהאַט. איך האָב זיך געלאָזט נעמען פון יעדן איינציקן, אַבי ער איז מיר געפעלן, נישט געטראַכט, נישט גערעכנט, לגמרי גלייכגילטיק צו דער דויערהאַפטיקייט פון די געפילן. ס'איז גאַנץ איבעריק דיר צוצוגעבן, אַז אַלפרעד האָט גאָר־נישט געזען, ער האָט כסדר געפירט זיינע פאַרשידענע חברים, אַלטע און נייע, נישט טראַכטנדיק וועגן קיין שום זאַך... איך פאַרזיכער דיר, מיין טייערע, אַז אין פאַרלויף פון די אַכט יאָר, האָט דער אַרסענאַל און די פּיראָטעכנישע שולע זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ספּעציעלן געווער.

איך בין אַלט געווען ביי דרייסיק, און איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב מיך אָראָפּגעלאָזן כסדר אַלץ נידעריקער און נידעריקער. דאָ האָב איך געהאַט דאָס גליק צו באַגעגענען פּיער דעלאַוואַ, וועלכער האָט געלייגט אַכט אויף מיר און מיך געראַטעוועט. פּיער איז געווען אַלט אַ יאָר פערציק, אַ שיינער מאַנסביל, ענלעך צו אַ שפּאַניער. ער איז געווען אַ דאָקטאָר אויף דער פּראָווינץ און איז געווען באַקאַנט אין פיר אָדער פינף דעפּאַרטאַמענטן, וועלכע זענען געווען אונטערגעוואָרפן אונטער בורזשער דעפּאַרטאַמענט. מען האָט אים געבראַכט צו מיר, צוליב די נערוון־אַטאַקעס, אויף וועלכע איך האָב אָנגעהייבן זייער אָפט צו ליידן; און תיכף האָב איך אים ליב געקריגן.

איך מאַך דיר אויפמערקזאַם אויפן וואָרט „תיכף״, ווייל דידאָזיקע פלוצלונגע תאווה איז פאַר מיר געווען אַ נייעס; און ער האָט מיך אויך ליב געקריגן. צום ערשטן מאָל האָב איך געפילט, אַז איך ווער געליבט מיט אַ ברענענדיקער, טיפער, אויסערגעוויינלעכער ליבע. צום ערשטן מאָל בין איך געוואָרן באַהערשט מיט אַ ווילן העכער פון מיינעם. ס'איז מיר געווען זייער אָנגענעם צו זיין אַזוי באַהערשט. אויף אַלע נייע חברים פון דער פּיראָטעכנישער שולע, מיט וועלכע אַלפרעד האָט מיך באַקענט, האָב איך שוין מער קיין שום אַכט נישט געלייגט. ער אַליין דער אָרעמער אַלפרעד, וועמענס ליבע איך האָב ביז איצט טאָלערירט, איז דערווייטערט געוואָרן פון מיין בעט. פּיער האָט עס געפאָדערט, און איך האָב אים גערן געפאָלגט. כדי־

צו בעדעכטיקן דידאַזיקע עקסמיסיע, האָב איך סימולירט אינע־ווייניקסטע אַטאַקן, צוליב וועלכע איך מוז זיך שטאַרק אָפּהיטן. פּיער האָט דידאַזיקע מחלה באַפּוצט מיט עפּעס אַ ווּיסנשאַפט־לעכן נאָמען, וועלכן ער האָט אַנטפּלעקט פאַר מיין מאַן.

און די יאָרן זענען געלאָפן, די בעסטע יאָרן פון מיין לעבן, ריינע יאָרן פון ליבע, בעת וועלכער נישט מיין תאווה און נישט פּיערס זענען אָפּגעקילט געוואָרן. דאָס איז געווען אַ באַלוינונג פאַר מיינע פריערדיקע יאָרן, פאַר די יאָרן פון מיין געפילן־אונאָרדנונג! קיינער אַ חוץ מיין געליבטן האָט מיך נישט אינטערעסירט; מיין טרייקייט צו אים האָט געקאָנט דינען פאַר אַ היסטאָרישן ביישפיל. צי האָט אַלפרעד געוווּסט פון זיין צרה? ווי קאָן מען זאָגן? ער האָט מסתּם פאַרשטאַנען. אָבער די קרענק, וועלכע ער האָט געזען אין מיר איז לויט זיין מיי־נונג געווען מיין שומר, — און איבעריקנס, זיין ליבע און זיין אַכטונג פאַר מיר — אזוי האָט ער מיר אָפטמאָל געזאָגט, האָבן אים נישט געלאָזט טראַכטן, אַז איך זאָל קאָנען נידעריק פאַלן. אָבער וואָס ס'זאָל נישט זיין, צי ער האָט געזען צי ער האָט געליטן, דער פאַקט איז דער, אַז ער האָט געשוויגן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער סוף פון טרוים קומט אַזוי שנעל, ווי ער הייבט זיך אָן.

איינמאָל אין אַן אַפּריל־פרימאָרגן — איך געדענק נאָך דעם צימער — האָב איך באַקומען אַ בריף פון פּיערן, אַז ער האָט חתונה. ער האָט חתונה געהאַט אין פּאַריז מיט אַ יונגע אַלמנה פון זיבנאונצוואַנציק יאָר. אָבער דו וועסט דאָך זאָגן, אַז ער איז אַלט פּופּציק! ער האָט שוין פופציק מיט אַ שמיצל, און דאָך קאָן איך דיר שווערן, אַז ער איז תּמיד דערזעלבער, שיינער יונג, פונקט דערזעלבער, וועלכער האָט באַזיגט מיין האַרץ מיט צען יאָר צוריק. די יאָרן האָבן גאָר קיין שליטה נישט אויף אַזעלכע פאַרמעטענע פיזאָנאָמיעס.

אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט בין איך געווען ווי אַ צעמישטע, קיין שום געדאַנקן האָב איך נישט געהאַט אין קאָפּ. נאָכדעם האָב איך באַקומען אַ פיבער, און וואָכן לאַנג בין איך

געווען „צווישן לעבן און טויט". ווען איך בין געקומען צו זיך האָב איך לעבן מיין צוקאָפּנס דערזען מיין מאַן, וועלכער האָט לעבן מיר געוואַכט — ווי מען האָט מיר געזאָגט — מיט דער ליבע פון א מאַמע. דידאָזיקע ליבע האָב איך קיין איין רגע נישט געקאָנט פאַרגעסן. בעת איך האָב געהאַלטן ביים געזונט ווערן און בעת מיין גוף און מיין קאָפּ זענען ארויס פון סכנה, האָט ער נאָך כסדר געפּלעגט מיין צווייטיקטע נשמה, וועלכע ער האָט באַנדאַזשירט מיט צאַרטע ווערטער, מיט טויזנטער דע-ליקאַטע לאַסקעס... איך האָב געוויינט, כסדר געוויינט, נישט וועלנדיק אַפילו האָפן, אז ס'וועט קומען א טאָג, ווען איך וועל אויפהערן צו וויינען. איך האָב פאַרטריבן מיין ווייטיק און מיין שוואַכקייט, א דאַנק דערדאָזיקער צאַרטער ליבע, וועלכע איז תמיד געווען אָפן פאַר מיר... באמת, אָן אַלפרעדן, וואָלט איך נישט געהאַט קיין מוט צו לעבן.

... אינם טאָג, ווען איך האָב געפילט, אז מיינע כוחות האָבן זיך מיר צוריקגעקערט, האָב איך געהאַט די דרייסטקייט צו מאַכן אזא פּרוּוו, וועלכער האָט מיך ביז איצט געשראָקן: אָנגעשפּאַרט אויפן אָרעם פון מיין מאַן בין איך צוגעגאַנגען ביזן גרויסן שפּיגל, אין סטיל פון לודוויק דעם XVI, וואָס איז געשטאַנען ביים עק פון מיין צימער. איך האָב אין אים א קוק געטון... נישט זיך האָב איך דאָרט געזען: ס'איז געווען א געשפּענסט פון דער יינגער פרוי, וואָס איך האָב אַמאָל גע-קענט, וועלכע האָט געברויזט מיט לעבן, געליבט און געווען געליבט. איך האָב אַרויסגעלאָזט א געשריי פון פאַרצווייפלונג. איך בין אריינגעפאַלן אין אַלפרעדס אָרעמס. ער האָט מיך ליידנשאַפטלעך געדריקט און, צולייגנדיק זיין מויל צו מיין אוי-ער, האָט ער מיר אריינגעשושקעט עטלעכע ווערטער, וועלכע זענען ווי באַלזאַם צעשוומען איבער מיינע גלידער!

— דו ביזט תמיד שיין, תמיד יונג, תמיד געוואונטשן!.. איך האָב דיך ליב!

דאָס איז געווען אונזער אמתער חתונה-טאָג.

וואָס זאָל איך דיר מער דערציילן, טייערע מאַטילדע?..

די דערפאַרונג, די ליידן און די נערוון=אַטאַקעס האָבן מיר צו־ריק אומגעקערט מיין מאַן. ער האָט געוווסט, ווי אויפצופאַסן מיך און איינצוהאַלטן. נאָך צוואַנציק יאָר פון גלייכגילטיקייט צו מיין מאַן, האָב איך מיך אַרומגעזען אַז ער איז יונג, שיין, קלוג, פאַרליבט און געטריי. וואָס שייך אים, האָט ער מיר קיין ליגן נישט געזאָגט, ווען ער האָט צו מיר אויסגערופן: „דו ביזט תמיד שיין". נישט האָבנדיק געליבט קיינעם אַ חוץ מיך, זעט ער מיך אַזעלכע, ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, אין דער צייט פון אונדזער חתונה... און פאַר איינעם פונקט ווי פאַרן אנדערן האָט זיך די ליבע און יוגנט שפעט פאַנאַנדערגעבליט, פונקט ווי די ליליען, וועלכע לאָזן צייטנווייז ארויס אין האַרבסט בלע־טער און בלומען.

און איך פאַרשליס מיין טיר ביי דערדאָזיקער „נאָך-סעזאָ־ניקער שמחה". איך האָב געבעטן רחמים ביי מיין מאַן, ער זאָל מער נישט אריינפירן צו אונדז זיינע טראַנטעס די חברים. לויט מיין פאַרלאַנג האָבן מיר אויך געביטן דעם דאָקטאָר: דאָס איז אַן אַלטער גרייז-גרויער דאָקטאָר. און ער היילט מיך.

און צייטנווייז, ווען די איינגעשלעפערטע עכאָס פרווון אויפצוועקן אין מיין האַרץ, — אָדער ווען פאַר מיינע אויגן וועבן זיך מיליטערישע סילועטן, אָדער עפעס אַ פּראָפיל פון אַן אַידעלן ריטער — האָב איך אַ גרייטע עצה, וויאַזוי זיך צו באַרויקן. איך לויף צו צו מיין שפיגל; איך קוק מיך צו אויפמערקזאַם: איך צייל איבער מיינע ערשטע קנייטשן, מיינע ערשטע בלאַכע האָר; און איך הער אַ סודותפולן קול, וועלכער זאָגט צו מיר גאַנץ שטיל:

— זיי פאַרזיכטיק! דאָסדאָזיק מאָל איז דער סוף פון אַלע סופ'ן! ס'איז שוין דאָס לעצטע קערבל פירות פון בוים אַראָפּ... האַלט זיך לעבן דיין מאַן — דיין לעצטער געליבטער!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

# װ אַ ג נ ע ר

א בריװ פֿון דער אלמנה מאַדאַם
דישאַסטעליע צו מאַדאַם ד׳אוּאַסי.

איך האָב זיך איבערגעטױפֿט, מײַן טײַערע. פֿון איצט אָן, האָט נישט װאַגנער קײן מער איבערגעגעבענער שילערין. איך האָב ליב זײַנע דערצײלונגען; איך האָב ליב זײַן מוזיק, װאָס ער טוט אין זײ אַרײַן; איך פֿאַרגעטער אים אַלײן. כּדי איך זאָל זיך איבערטױפֿן איז געװען גענוג פֿאַר מיר צוצופֿאָרן קײן רואַן און הערן לאָ ע נ ג ר י ן. די מעשה מעג יעדער אײ־נער אויסהאָרכן.

דו קענסט דאָך דעם קלײנעם פֿרעדעריק פֿון בערזש, װעגן װעלכן מען רעדט, אַז ער דרײט זיך ארום מיר. גאַנץ אָפֿט האָסטו פֿון מיר געװאָלט אַרויסציען אַ יאָ מיט אַ נײן. איך האָב קײנמאָל נישט געװאָלט מודה זײַן, אַז איך בין גע־װען זײַן געליבטע. „אַן אומשולדיקער פֿלירט״, פֿלעג איך װעלן דיר אײַנרעדן. אַלזאָ, מײַן טײַערע, איך האָב דיך אָפּ־גענאַרט. איך האָב נאָכגעגעבן פֿרעדעריקן זעקס חדשים נאָך מײַן מאַנס טויט. פֿײַנער קען שוין גאָר נישט זײַן, האַ? און איצט, פֿאַרװאָס האָב איך פֿון דיר פֿאַרבאָרגן די גאַנצע מעשה, מײַן טײַערע, כאָטש איך האָב קײנמאָל פֿאַר דיר קײן שום סודות נישט געהאַט? זײ נישט אין כּעס אויף מיר. ס׳איז גע־װען אַ טעם אין מײַן שטילשװײַגן, אַ װיכטיקער טעם. אָבער נאָך לאָ ע נ ג ר י ן איז דער טעם מער קײן טעם נישט, און דו זעסט, אַז איך בין זיך תּיכּף מודה פֿאַר דיר...

װי געפֿעלט דיר פֿרעדעריק? מיר געפֿעלט ער זײער. אויסערלעך פֿאַרמאָגט ער דאָס אַלץ, װאָס ס׳האָט געפֿעלט מײַן

מאַן. ער איז עטוואָס עלטער פון מיר, ער איז אַ שיינער יונג. ער איז עלעגאַנט, ער גרייפט זייער גוט אָן בעת דער ליבע. ווען איך באַגעגן זיך מיט אים אין טעאַטער, דעמאָלט לאָזן מיר זיך ווילגיין אין דער לאָזשע. דעמאָלט זאָג איך צו זיך: „ס'אַראַ גוטער כיבוד"... אַלזאָ, מיר ווילן זיך גוט. ס'פאַרשטייט זיך, אַז מיר קענען זיך נישט באַגעגענען ביי־נאַכט, ווייל איך וווין מיט מיין שוויגער, וועלכע שטייט שטרענג אויף דער וואַך, אָפּהיטנדיק דעם כבוד פון איר פארשטאָרבע־נעם זון. מיר באַגעגענען זיך פון פיר ביז זיבן ביי פרעדע־ריקן. ער וווינט אין אַ פאַרטער אויף שאַנבייזשער גאַס. איך קום צופאָרן אין אַ דראָזשקע און קום אַריין צו אים מיט אַ סודותפולן אויסזען: איך גיי אַרויס פון אים אָוונט־צייט; אָפּט־מאָל פירט ער מיך אָפּ... אויף אַזאַ אופן האָב איך דעם גע־פיל, ווי איך וואָלט אָפּגעטאָן עפּעס, וואָס איז פאַרבאָטן, אָבער פון וואָס איך האָב נישט קיין געוויסן־יסורים, ווייל איך פאַר־ראַט קיינעם נישט, און ווי נאָר די זאַך וועט מפורסם ווערן, קען עס זיך פאַרענדיקן מיט אַ חתונה. אמת גערעדט, האָב איך שוין פיל געטראַכט וועגן חתונה־האָבן; און אָט פאַרוואָס איך בין אַזוי דיסקרעט. איך האָב צו זיך אַזוי געטענהט: „פרעדעריק איז נישט רייך; ער האָט אַ פּאָסטן אין מיניס־טעריום פאַר אויסערלעכע ענינים, וואָס איז נישט ווערט קיין פרוטה און אַ רענטע פון אַן אַכט טויזנט פראַנק; אָבער מיין פאַרמעגן וועט קלעקן. ער איז איידל, פיין, ער ליבט מיך. און ס'איז זייער לאַנגווייליק צו זיין איינע אַליין אין אַ גרויס בעט".

אַך! דידאָזיקע פראַגע פון אַ בעט פאַר צווייען, ווו איינער פעלט, אָט דאָס, זעסטו, איז די גאַנצע פּסיכאָלאָגיע פון די פרויען! מיין מאַן האָט איבער דער מאָס נישט אויפ־גערעגט מיין עמפּינדלעכקייט, און מיין חוב פון אַ ווייב, וואָס ער האָט, אַ דאַנק זיין דיסקרעציע, זעלטן געפאָדערט, איז תמיד געווען פאַר מיר אַ חוב. אָבער ס'איז נישט וויכטיק: ער איז תמיד געווען לעבן מיר, און איך פלעג זיך וואַרעמען

ביי דער וואַרעמקייט פון זיין גוף. איך האָב זיך צוגעהוינט
צו צאַרטקייטן. איך האָב געפילט, אז איך געפין זיך אונטער
אַ שוץ. און די פּאָר ווערטער, וועלכע מיר האָבן זיך צוגע-
וואָרפן אינאָוונט און אינדערפרי האָבן אונדז שטאַרק באַגייס-
טערט... ווען ער האָט זיך שוין דאָ מער נישט געפונען,
מיין אָרעמער פריינט, האָב איך געליטן פון מיין איינזאַמקייט,
פּונקט ווי איך וואָלט געליטן פון דער קעלט, ווען מען וואָלט
ווינטער פון מיר אַראָפּגעצויגן מיין פּערינע. אמתע פּסיכישע
ליידן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די יסורים פון מיין האַרץ.
נאָכדעם, ווען איך בין געוואָרן פרעדעריקס געליבטע,
האָב איך באַקומען נערוון-אַטאַקעס, און בעת מיינע שלאָפלאָזע
נעכט האָב איך געטראַכט: „דאָך, ווען ער וואָלט דאָ געווען,
לעבן מיר, לעבן מיין האַרצן, מיין טייערער פריינט! ווי גוט
ס'איז צו שלאָפן אין זיינע אָרעמס, צו פאַרלענגערן דעם אָוונט
קוש ביז צו דעם פרימאָרגנדיקן קוש!" ס'האָט זיך מיר אויס-
געדאַכט, אַז דאָס שלאָפן זאַלבעצווייט מיט אים, וועט זיין אַ
נייער תענוג, אַן אומבאַקאַנטער, אַ תענוג, וואָס ער האָט נאָך
מיר ביז איצט נישט געגעבן.
ער אויך האָט איינגעפונען, אַז זייער לאַנג זענען זיינע
בחורישע נעכט, אַזוי האָט ער מיר, לפּחות, געזאָגט. ניין, וועגן
חתונה האָבן האָט ער מיט קיין וואָרט נישט געדאַכט: מיט
זיין דיסקרעציע איז ער תמיד געווען אין דער בעסטער אָר-
דענונג. אָבער ער האָט אָנגעווענדעט אַלע עצות, כדי צו מאַכן
שווערער אונדזער טאָג-טעגלעכע צעשיידונג. מען האָט, אינ-
דעראמתן, געדארפט האבן העלדישקייט, כדי מיטאָג-צייט צו
פאַרלאָזן שאַנביזשער גאַס... „בלייבט, פלעגט ער שושקען, זענט
איר נישט פריי?.. איך וועל אייך אַהער ברענגען דעם פּי-
טאָג... נאָך מיטאָג וועלן מיר מאַכן אַ שפּאַציר אין וואַלד...
מיר וועלן קומען צוריק גאַנץ פרי און גיין שלאָפן... לאָמיר,
לפּחות, אונטערשמועסן אַ ביסעלע!..." קענען שמועסן, דאָס
איז געווען זיין גרעסטער אַרגומענט. באמת, איך בין געווען
שעמעוודיק; מיר פלעגן פאַרברויכן אונדזערע צונגען אויף

גאַנץ אַנדערע זאַכן און זייענדיק צוזאַמען האָבן מיר קיינמאָל נישט געהאַט קיין לענגערן שמועס.

אַלזאָ, איך האָב מיט גרויס שמחה אָנגענומען דעם פּאָר־שלאַג, וואָס פרעדעריק האָט מיר אַנונסטן געמאַכט, מיט אים אין רואַן צו פאָרן און הערן ל אָ ע נ ג ר י ן. „די אָפּערע, פאַרשטייט איר מיך, האָט ער צו מיר געזאָגט, אינטערעסירט מיר לגמרי נישט... אָבער מיר וועלן אַוועקפאָרן אינדערפרי און קומען צוריק וועלן מיר ערשט אויפצומאָרגנס... וועלן מיר, הייסט עס, האָבן פּיראַונצוואַנציק שעה פרייהייט...״ ס׳איז געווען גלענצנד אויסגערעכנט. איך האָב אויסגענוצט דיין נאָמען, טייערע לוסי, און דיר נישט געוואָרנט. איך האָב איינגערעדט מיין שוויגער, אַז איך פאָר מיט דיר. אַזויווי זי האַלט פון דיר שטאַרק, האָט זי זיך אַביסל איינגעשפּאַרט, אָבער ענד־לעך דערלויבט.

מיט אַן עקספּרעס-צוג האָבן מיר שבת אינדערפרי פאַרלאָזט פּאַריז. דער וועג ביז רואַן איז זייער שנעל פאַרבייגעלאָפן. א שיינע, עטוואָס בלאַסע זון, צייטנווייז באַדעקט מיט וואָלקנס, האָט געגאָסן אויף די פעלדער אירע זילבערנע שטראַלן. מיר זענען געזעסן קעגן איינאַנדער, געליינט צייטונגען און גע־טורקעט זיך מיט די פיס, ווי אַ פּאָר געליבטע. פון צייט צו צייט פלעגט זיך איינער פון אונדז צובויגן צום צווייטן און שטיל אַריינשושקען אין אויער: „איך ליב דיך!״ מיט איין וואָרט, צוויי זעלטענע שעהן!

דער פרישטיק אין רואַן איז געווען א געווייגלעכער, אָבער ער איז געוואָרן געשמאַקער דורך אונדזערע פריילעכע שטיפערייען.

איין זאַך איז מיר נישט געפעלן געוואָרן. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז פרעדעריק מאַכט פאַרשידענע קאָמבינאַציעס, עס זאָל אים קאָסטן ביליגער דאָס עסן. א ביישפּיל. מיר האָט זיך פאַרוואַלט א יונג קאַטשקעלע. דער קעלנער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף נעמען א גאַנץ קאַטשקעלע : אכטאונצוואַנציק פראַנק. פרעדעריק האָט אויף מיר א קוק געטאָן און נישט גע־הייסן דערלאַנגען די קאַטשקע... איך ווייס גאַנץ גוט, אַז ס׳איז

גאָרנישט, און חוץ אַלעם איז ער דאָך נישט רייך... איך האָב אָבער נישט געקענט אויפהערן צו טראַכטן וועגן מיין מאַן די־שאַטעליע, וועלכער איז געווען אַזוי פרייגיביק! ער וואָלט מיר זיכער נישט אָפּגעזאָגט אין דער קאַטשקע!

בעת מען האָט דערלאַנגט קאַווע, איז דאָס וועטער קאַליע געוואָרן. ס'האָט אַראָפּגעגאָסן אַ שלאַקס רעגן. איך האָב פאַר־געלייגט, מען זאָל באַשטעלן אַ לאַנדאָ. אָבער פּונקט ווי מיט דער קאַטשקע, האָט פרעדעריק געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט. ס'האָט זיך מיר אפילו אויסגעדאַכט, אַז שטילערייט האָט עס אים הנאה געטאָן. דידאָזיקע הנאה האָב איך פאַררעכנט אויפן חשבון פון זיין צאַרטקייט. און באמת, ער איז געווען זייער צאַרט צו מיר. ער האָט פאַרלאַנגט, כ'זאָל אַריין צוריק אין אונדזער צימער. איך האָב געמוזט נאָכגעבן... (איצט ברענג איך דיר דעם געשפּרעך, וואָס איך מיט פרעדעריקן האָבן גע־האַט, בעת מיר זענען אין האָטעל געשטאַנען לעבן פענסטער און מעלאַנכאָליש געקוקט, ווי דער רעגן פאַלט אין דער סטבע און אויף די ברעגעס.

פ ר ע ד ע ר י ק. — ס'איז אומעטיק, דער רעגן פאַלט, האַ, וואָס זאָגסטו דערצו, מיין טייערע?

א י ך. (עטוואָס דענערווירט) — יאָ, מיין טייערער.

פ ר ע ד ע ר י ק. — וואָס ווען מיר איצט טאָן?

א י ך. — אַלזאָ, אָבער... לאָמיר שמועסן... איר באַקלאָגט זיך תמיד, אַז ס'פעלט אונדז אויס צייט צו שמועסן... איך הער אייך.

פ ר ע ד ע ר י ק. (באַליידיקט) — איר פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז נאָך אַזעלכע ווערטער בלייבט שוין נישט איבער, וואָס צו רעדן...

איך. (איידל) — נו, בייזערט זיך נישט, טייערערער, ס'איז אַ שפּאַס. (איך טו אים אַ קוש אין האַלדז... אַ צאַרטע סצענע).

פ ר ע ד ע ר י ק. (נאָך אַ קורצער צייט פון שטילשווייגן)—

איך וויל אייך עפּעס בעטן, טײַערע... אויב ס'לאַנגווײַליקט אײַך, זאָגט מיר.

אײַך. — רעדט ווײַטער, טײַערע.

פרעדעריק. (אויפגערעגט) — ווילט איר שפּילן אין בעזיג?...

איך מוז מודה זײַן, אַז איך האָב זיך דערויף נישט געריכט! ברענגען מיר פון פּאַריז קײן רויאַן, כּדי דעם ערשטן נאָכמיטאָג שפּילן אין קאָרטן! כ'האָב באַקומען אַ נערוועזן געלעכטער, וואָס האָט געדויערט אַ גוטע מינוט. אָבער, בעצם, האָט זיך מיר געוואָלט וויינען.

פרעדעריק איז נישט אָנגעשטאַנען... אַ גאַנצע שעה האָבן מיר געפּלאַפּלט, סתּם אין דער וועלט אַרײַן. אָט דער יונג, וועלכער איז נישט קײן גרעסערער שוטה פון אַנדערע, געפינט נישט קײן צוויי ווערטער אויסצורייידן, ווען מען איז מיט אים אויג אויף אויג... קוקנדיק אין פענסטער, אויפן רעגן, איז דער פוסטער שמועס געוואָרן פאַר מיר אומדערטרעגלעך.

פּלוצלונג האָט זיך פרעדעריק אַ קלאַפּ געטאָן אין שטערן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט געקענט אַ ראַטגעבער אין דער פּרעפעקטור.

„וועט איר אפשר דערלויבן, מײַן טײַערע, אים צו פאַרבעטן אויף מיטאָג?

— טוט, ווי איר פאַרשטייט, מײַן טײַערע.

— איך גיי גלײַך אין דער פּרעפעקטור... אויב נישט באַלד קען איך אים אַמאָל שפּעטער נישט טרעפן...

— ביטע..."

און ער איז אַוועק! און ער האָט מיך איבערגעלאָזט איינע אַליין אין צימער ביז מיטאָג! אָך, ס'אַראַ געדאַנקען אין די צוויי שעה פון מײַן איינזאַמקייט! בנוגע פרעדעריקן, בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז ער איז אַן עגאָיסט, אַ קמצן און קען נישט רעדן... איך האָב אַ סך דערפון געטראַכט... מײַן אָרעמער דישאַטעליע וואָלט זיך אַזוי נישט באַגאַנגען מיט מיר;

ער וואָלט מיך נישט איבערגעלאָזט איינע אַליין אויף גאַנצע צוויי שעה, אפילו צוליב דער פּרעפעקטור!

...מיר האָבן געגעסן מיטאָג צוזאַמען מיטן ראַטגעבער, אַ ליידיקגייער, וואָס איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער פּרעפעקטור, זייער אַ שיינער און אַ פריילעכער יונג. אַזוי־ווי אויף מיטאָג האָט דער ראַטגעבער אונדז פאַרבעטן, האָבן מיר שוין געגעסן די בּאַרימטע קאַטשקע, געטרונקען שאַמפּאַניער א. אז. וו... אונדזער מכניס־אורח איז געווען זייער העפלעך צו מיר, זייער ליבלעך... איך בין מודה, אַז אויס כּעס צו פּרעדעריקן, האָב איך אפשר איבערגעכאַפּט די מאָס פון קאָקעטירן מיט אים. אָבער קיין שום זאַך אין דעמדאָזיקן אומשולדיקן פלירט האָט נישט באַרעכטיקט פּרעדעריקן, ער זאָל מיר איינאָרדענען אַ נאַרישע סצענע פון אייפערזוכט, בעת מיר זענען אריין אין אונדזער צימער, כּדי אָנצוטאָן די מאַנטלען, און גיין אין טעאַטער... אַ סצענע מיט דראָונגען, מיט געוואַלדן, מיט טרערן! בעצם, בין איך דערפון געווען צעפרידן. איך האָב אין זיך בשעת מעשה געטראַכט, אַז מיין אָרעמער דישאַטעליע...

בײַ דער ערשטער העלפט פון לאָענגרין האָט ער זיך געבייזערט. אָבער די צווייטע העלפט איז פאַר מיר געווען געגוּג. ס'איז געווען געפערלעך הייס, חוצדעם, ווי דו ווייסט, בין איך דאָך נישט אזאַ געוואַלדיקער מוזיקער. וואָס שייך פּרעדעריקן האָט ער געכאַפּט אַ דרעמל, און אפילו די פּויקן פון דעם חתונה־צוג אויף דער סצענע האָבן אים נישט אויפגעוועקט.

אין האָטעל זענען מיר צוריקגעקומען צוועלף אַזייגער בייַנאַכט. ער איז געווען כּסדר אין כּעס און געמורמלט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף אים מיט עפּעס אַנטקעגן קומען, וואָס איך האָב תּיכּף געטאָן. פאַרענדיקט האָט עס זיך דערמיט, וואָס פּרעדעריק האָט אַ שמייכל געטאָן און געוואָרן העפלעך. צום סוף האָט ער מיר געזאָגט אַ גוטע נאַכט און איז אַנטשלאָפן געוואָרן, ביז דער דינער האָט אים אינדערפרי אויפ-

בעוועקט. מיר האָבן זיך נישט שנעל אָנגעטאָן און אוועקגע־לאָפן אויפן וואָקזאַל.

ס'איז געווען אַ מרה־שחורהדיקער צוריקקער. מיר האָבן ביידע געפילט, אַז אונדזער נסיעה איז געווען אַ שלעכטער צופאַל אין דער געשיכטע פון אונדזער ליבע...

ווען איך בין שוין געווען ביי מיין שוויגער, איינע אַליין אין צימער, האָב איך אָנגעהייבן צו שפּרינגען ווי אַ קינד... ענדלעך, האָב איך זיך באַפרייט פון פרעדעריקן! ווי איז עס מיר גאָר איינגעפאַלן צו טראַכטן וועגן חתונה האָבן מיט אים; קיינמאָל, קיינמאָל וועט עס נישט פּאַסירן! איך וויל אים אפילו נישט, ווי קיין געליבטן! ער קען שוין איצט אויף מיר וואַרטן אין זיין פּאַרטער, ער וועט מיך שוין אָנזען!..

וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מיין טייערע, דעם נעכסטן מאָנ־טיק בין איך דאָך אַוועק אויף שאַנביזשער גאַס... און פרע־דעריק איז געווען הערלעך!... און איך האָב געפילט, אַז ער ליבט מיך אויף דעראמתן, אַז איך ליב אים אויך... ער איז אָבער בלויז אַ יונג אויף נאָכמיטאָג־באַגעגענישן און צו קיין זאַך נישט מער. ער גייט בלויז בערך צוויי מיט אַ האַלבע שעה, ווי געוויסע קליינע סטיל־זייגערס. מיין טעות איז באַ־שטאַנען דערין, וואָס איך האָב געוואָלט ער זאָל גיין גאַנצע פיראונצוואַנציק שעה... וואָס זאָג איך? אַ גאַנץ לעבן!

אָט וואָסער ראָל לאָענגרין האָט געשפּילט אין מיין לעבן. אַ דאַנק וואַגנערס מוזיק האָב איך דערקענט מיין געליבטן, און ס'האָט נישט געשען דאָס, וואָס ס'האָט געזאָלט פּאַרקומען.

אָט איצט פאַרשטייסטו שוין, פאַר וואָס איך בין אַן אָנ־הענגערין פון וואַגנערן?...

---

# זי טוט תשובה

א בריוו פון דער שוועסטער לויז-דע-מארי צום מסיע דע-וואַבער, לייטענאַנט פון 18-טן יעגער-רעגימענט.

דעמדאָזיקן בריוו, וואָס איך שרייב אין מיין ערשטער קלויסטער-צעלע, ווו ווערט ער אייך געפינען, מיין פריינט? שוין אַ גאַנץ יאָר בין איך אָפּגעטיילט פון דער וועלט און איך ווייס נישט, ווו איר זענט. איך האָב פאַרשטאָפּט מיינע אויערן צו יעדן אָפּקלאַנג פון דער אויסערלעכער וועלט. איך האָב געלעבט אָן שום ידיעות פון מיין פאָטער, פון מיינע שוועסטער, און פון אייך, מיין טייערער העקטאָר, וועלכן כ׳האָב אַזוי שטאַרק געליבט! איצט איז שוין פאַרפאַלן, איך האָב געטאָן אַ נדר. אין מיין נייעם צושטאַנד וועל איך שעפּן דעם כוח — אייך צו שרייבן עטלעכע שורות מיט דערקלערונגען און מיט אַ זיי-געזונט, וואָס ס׳קומט אייך. איך גיב אָן דעם נומער פון אייער רעגימענט, און איך רעכן, אַז איר וועט דעם בריוו באַקומען.

איך האָב אייך שטאַרק געליבט, העקטאָר. איר האָט גאָר אַליין נישט געוווּסט, ווי ליידנשאַפטלעך און פון ווי לאַנג אָן איך האָב אייך געליבט. איר דערמאָנט אייך די צייט, ווען מיר זענען ביידע געווען קינדער און זיך געשפּילט ביי מיינע עלטערן און ביי אייערע? זיי האָבן גערעדט וועגן אונדז, צושמייכלענדיק דערביי: „ס׳וועט פון זיי זיין אַמאָל אַ פיין פּאָרל!..“ אַלזאָ, דידאָזיקע ווערטער, צו וועלכע איר האָט זיך נישט צוגעהערט, אָדער וועלכע איר האָט קוים פאַרשטאַנען, האָב איך זיי אַריינגענומען אין זינען אַריין. זיי זענען אַריינגעדרונגען טיף אין מיין מוח און אין מיינע מיידלשע-געפילן. אַלזאָ, איר פאַרשטייט, וואָס ס׳האָט זיך געטאָן אין מיין האַרצן. אויב איר האָט זיך דעמאָלט נישט אַרומגעזען וועגן מיין ליבע, וועגן מיינע גליקלעכע מאָמענטן לעבן אייך, איז עס דערפאַר ווייל איר האָט זיך מיט מיר נישט אינטערעסירט.

ביני-לביני זענען מיר בײדע געוואַקסן. מיר האָבן זיך ביסלעכווייז אויפגעהערט צו שפּילן. אייך האָט מען אָפּגעגעבן אין אַ גימנאַזיע, מיך אין אַ מאָנאַסטיר. זייט זיך מודה, העקטאָר, אַז ווייט פון מיר, האָט איר קיינמאָל נישט אַ טראַכט געטאָן פון מיר. אדרבה, איך, נישט געקוקט, וואָס כ'בין געווען ווייט פון אייך, האָב איך תמיד פון אייך געטראַכט. ביי יעדער געלעגנהייט האָב איך געלאָזן אין גאַנג מיינע טרוימען. ווען עמעצער ביי אונדז, פון די עלטערע, האָט פאַרלאָזט דעם מאָנאַסטיר, כּדי חתונה צו האָבן, פלעג איך צו זיך זאָגן: „אין איין טאָג וועל איך אויך אַוועקפאָרן, כּדי חתונה צו האָבן מיט העקטאָרן!" יעדעס מאָל ווען איך פלעג באַגעגענען דאָס וואָרט „ליבע", אין אַ געזאַנג אָדער אין אַ ראָמאַן, וואָס פלעגט אַריינפאַלן אין אונדזערע הענט, פלעג איך פילן, אַז מיין האַרץ ציטערט פון תענוג. ווייל איר, מיין טייערער, זענט פאַר מיר געווען, די ליבע. איר אַליין! דאָס וואָרט „ליבע" האָט פאַר מיר נישט געהאַט, קיין ווערט אויב איך פלעג עס נישט פאַרבינדן מיט די ערינערונגען וועגן אייך. אַך, וויפל מאָל האָב איך אין מיינע תפילות געבעטן: „גאָט, מאַך איך זאָל חתונה האָבן מיט העקטאָרן!" חתונה האָבן מיט אייך, האָט פאַר מיר געהייסן, ווינען לעבן אייך און זיין צוגעבונדן צו אייך מיין גאַנץ לעבן!

און די יאָרן זענען געפלויגן. מיר האָבן זיך זייער זעלטן באַגעגנט. מיט אייער בלויען מונדיר און מיט אייער היטעלע פון אַ שילער פון די יעזויטן, פלעגט איר אויף מיר מאַכן אַן איינדרוק פון אַן עלעגאַנטן, פיינעם יונג. דאַקעגן איך, צעקייפּלט פון וואַקסן און פאַרוועלקט פון די ענגע מאָנאַסטירווענט האָב איך געררויטלט, ווען כ'האָב געפילט, אַז איר וואַרפט אויף מיר אַ בליק. ווען ס'האָט זיך אָנגעהייבן אייער צווייטער יאָר אין סען-ציר, האָב איך פאַרלאָזן דעם מאָנאַסטיר און אַריינגעטראָטן אין דער וועלט.

איצט, אַז איך בין אַן אָרעמע מאַנאַשקע, אָן עלעגאַנץ און אָן פרויען-אייטלקייט, קען איך דרייסט דערפון רעדן: דערדאַזיקער אַריינטריט אין דער וועלט, איז פאַר מיר געווען

טריומף און שיכרות. אז איך האָב אַריינגעקוקט אין פרויען־אויגן, האָב איך תמיד געזען באַוואונדערונג און איפערזוכט; און אין מענער־אויגן האָב איך געזען תמיד גלאַנצן א פלאַם... איך בין געווען שטאָלץ, לוסטיק מיט אַלע סימנים פון מיין שיינקייט — אָבער נאָר צוליב איך, מיין טייערער העקטאָר, ווייל איך האָב געטראַכט: „אַז העקטאָר וועט מיך זען, וועט ער מיך ליב קריגן”. איך שווער אייך פאַר גאָט, אַז קיין שום וועלטלעכער דערפאָלג האָט מיר נישט געגעבן קיין גרעסערן פאַרגעניגן.

דער ווינטער האָט זיך פאַרענדיקט און דער פרילינג איז אויך אַוועק. אין יולי, צוויי וואָכן נאָך אייער ארויסטריט פון סעןציר, זענט איר געקומען אין ברייער־שלאָס, צו מיין פאָטער, צו אונדז!

אַך, מיין געליבטער! גאָט האָט מיר געגעבן כוחות איבערצולייסן מיטן לעבן, אָפצוזאָגן זיך צו זיין אייער פרוי, צו זיין א מוטער פון די קינדער, וואָס וואָלטן פון אייך געבוירן געוואָרן. גאָט האָט מיר אָבער נאָך נישט געגעבן דעם כוח פיינט צו האָבן (ווייל איך דאַרף פיינט האָבן דעם מקור פון מיינע זינד) די שעהן, די טעג, וועלכע האָבן גורם געווען אונדזער פאַרייניקונג. קעגן מיין ווילן טראַכט איך וועגן דידאָזיקע עטאַפּן פון מיין ליבע. ס'שטעלט זיך מיר פאָר די רגע, ווען איך בין, אַ ציטערנדיקע, אריינגעגאַנגען אין זאַל, וווּ איך האָב אייך דערזען, ווי איר זענט געזעסן פאַרשטויבט פון וועג און געשמועסט מיט מיין פאָטער. איך דערמאָן זיך אייער שטוינונג, ווען איר האט מיך דערזען, אייערע אומרויקע זשעסטן, אייער שטימע, אייער בליק, וואָס האָט מיך געשטאַרקט און אַרויסגעריסן פון מיר דעמדאָזיקן געשריי פון נצחון: „איך בין אים געפעלן. ער וועט מיך ליב האָבן!”... ס'טויכן ווידער אַרויס די זיסע טעג, וועלכע זענען נאָכדעם אָנגעקומען, ווען מיר האָבן, אַזוי צו זאָגן, פאַר איינאַנדער אַנטפּלעקט אונדזערע נשמות אין אומבאַשטימטע שמועסן; אונדזערע אויגן האָבן ביסלעכווייז אויפגעזוכט אונדזערע קינדערישע שטריכן, פאַרבאָרגן אונטער דער מאַסקע, וואָס די יאָרן האָבן אויסגעוועבט. נאָכדעם די ערשטע דערקלערונגען, די נישט־פאַרענדיקטע ווערטער. ווען די שטים

שטאַרבט אָפּ, דאָס צענויפפלאָנטערן די פינגער, וואָס האָט אָפּגעשוואַכט דעם דופק פון אונדזערע הערצער...

ליידער, האָב איך אייך שטאַרק געליבט! צווישן דידאָזיקע אומשולדיקע צאַרטקייטן, האב איך שוין צו אייך געהערט. האָב איך געקענט נישט פאַרלאַנגען דאָס, וואָס ס'וואָלט אייך געגעבן דעם גרעסטן גליק? צי האָט מיר געקענט איינפאַלן, אַז נאָכגעבן אייערע פאַרלאַנגען, זאָל נישט הייסן דאָס בעסטע אין דער וועלט? אַלזאָ, מיר זענען ביידע געשטאַנען אומבאַוואָפנט קעגן איינאַנדער, — איר יונג, אומדערפאַרן, פאַרשיכּורט פון תּאווה; — איך אומוויסנד, איינגעבילדעט און פאָרויס באַזיגט.

דאָס, וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען איז פאָרגעקומען. ווער איז שולדיק? איר, וועלכער האָט געדענקט דעם טעם פון מיינע ליפן, און איר זענט געקומען אין אַן אויגוסט נאַכט קלאַפן אין מיין פאַרמאַכטן צימער? איך, וועלכע האָב אייך אויפגעעפנט די טיר, הערנדיק די ווערטער: „לויזע, דאָס בין איך!..” אָדער אפשר גאָר די פאַררעטערישע נאַכט, וועלכע האָט אונדז איינגעהילט, וועלכע האָט דורך די האַלב-אָפענע פענסטער אונדז געשיקט די ריחות פון פאַרק, דאָס גערויש פון די בלעטער, די קרעכצן פון די אָזיערעס, — דידאָזיקע אַלע זומערדיקע שטימען, פון וועלכע יעדע איינע האָט אונדז דערמאָנט אַ וואָרט פון ליבע, אונדזערע אַ האַנט-דריקונג, אַ קוש. אַך! באמת, איך האָב געזינדיקט! אָבער מען קען נישט זאָגן, אַז אין דער מינוט פון אָנגענעמער פּיין, ווען איר האָט מיך געהאַט, האָב איך געזינדיקט מער, ווי אין די פריערדיקע טעג, ווי אין מיין ווייטער קינדהייט, ווען איך בין שוין פאָרויס געווען אייערע!

...ס'איז פאָרגעקומען בעת דער קליינער טאָג האָט געמאַכט בלייכן די שויבן, און, אַ דערשראָקענער, האָט איר פאַרלאָזן מיין צימער; בעת איך בין פאַרבליבן איינע אַליין אין מיין צימער, — ערשט דעמאָלט זענען אַראָפּגעפאַלן די שאָלן פון מיינע אויגן און איך האָב קלאָר פאַרשטאַנען מיין פעלער.

איך האָב געזאָגט גאַנץ הויך, דורכפירנדיק מיין האַנט

איבערן פנים: „איך בין זיין געליבטע, זיין געליבטע!" און דאָסדאָזיקע וואָרט איז געוואָקסן, האָט געלויכטן ווי א שטורקאַץ, האָט באַשטראַלט אַלע זאַכן, וואָס איך האָב פריער נישט געוווּסט, אַלע סודות פון דער מענטשלעכער ליבע, וואָס מען פאַרבאַהאַלט פון יונגע מיידלעך. יאָ, איך בין געווען אייער געליבטע, און דאָס אַלעס. מער האָב איך פאַר אייך צו קיין זאַך נישט געקענט דינען. איך בין געוואָרן דער היפוך פון דאָס, פון וואָס איך האָב געטרוימט אין מיינע יונגע יאָרן — זיין אייער ווייב. איך האָב קלאָר געזען, אַז מיין טרוים וועט צעפליגן, אַז ער קען נישט פאַרווירקלעכט ווערן. „א סוף, האָב איך געטראַכט. איצט קען איך מיט אים נישט חתונה האָבן". אך, ווילט מיך פאַרשטיין, העקטאָר! קיין איין רגע האָב איך נישט געצווייפלט אין אייער אָרנטלעכקייט. איך בין געווען און איך בין נאָך זיכער, אַז איר האָט זיך נישט געוואָלט אַרויסדרייען פון אייער חוב און אַז איר וואָלט צו מיר געוויס געווען געזאָגט: „זייט מיין ווייב!" אָבער דאָס האָט נישט געדאַרפט פּאַסירן. איך, וועלכע האָב אייך געליבט, האָב איך געטאָן א נדר: אַוועקגעבן אייך דאָס שענסטע וואָס אין מיר, דאָס צאַרטעסטע, דאָס ריינסטע, וואָס א פרוי קען נאָר געבן. און אָט דאָס איז געוואָרן אוממעגלעך, פון דער צייט אָן, וואָס איך האָב זיך אייך אָפּגעגעבן. איך האָב אייך בלויז געקענט געבן א געשענדעטן קערפּער, אַן אָפּגעבליטע נשמה, איך האָב געקענט זיין פאַר אייך א פרוי, ווייניקער ריין פון אַנדערע!...

איך בין מסכים, אַז מיין באַשלוס איז געווען א פלוצלונגער און א פעסטער: „איך וועל נישט זיין העקטאָרס ווייב"! ס'איז געווען נאָך אַן אויסוועג, אויף וואָס איך האָב זיך א רגע פאַרטראַכט: ווערן אייער געליבטע. אָבער דערפון האָט מיך אָפּגעהאַלטן נישט מיין געוויסן, נישט דער געדאַנק, אַז איך וועל פאַרשאַפן ליידן מיינע עלטערן און נישט דער מיינונג פון דער וועלט. ס'האָט מיר גאַנץ פשוט אָפּגעהאַלטן דער געדאַנק, אַז איר וועט מיר שפּעטער פיינט קריגן. איך בין געווען זיכער, אַז אין דער איצטיקער רגע האָט איר מיך נישט פאַראורטיילט,

ווייל בשעת איר האָט מיך גענומען בין איך געווען אומדערפאַרן; העכסטנס האָט איר זיך געקענט אַליין באַשולדיקן. אָבער שפּעטער, ווען איך וואָלט זיך אייך אָפּגעגעבן אַ צווייט מאָל, ווען דאָס, וואָס ס'איז געווען אַ נייס, וואָלט געוואָרן אַ געוווינהייט, אין וועלכער איך וואָלט זיך אַליין אַריינגעצויגן, וואָס וואָלט דעמאָלט געווען?...

אָבער גאָט, דורך זיין העכסטן חסד, האָט מיר אַריינגעגעבן אַ געדאַנק און באַלויכטן פאַר מיר דעם אמת. איך האָב באַשלאָסן אַנטלויפן, אייך מער נישט זען. איך האָב געוואָלט, אַז בלייבן זאָל בלויז די ערשטע זינד און מער קיינע.

דאָס איבעריקע ווייסט איר שוין אַליין, מיין פריינט: ווי איך בין אַנטלאָפן באַגינען פון בריער, ווי איך האָב זיך פרייוויליק איינגעשלאָסן אינם מאָנאַסטיר און די אומזיסטע פרוּוון פון מיינע אייגענע מיך איבערצוצייגן, איך זאָל ענדערן מיין באַשלוס...

... אַ גאַנץ יאָר איז שוין אַדורכגעגאַנגען. איצט איז אַלץ פאַרענדיקט. קיין שום זאַך איז נישט פאַרבליבן פון דער אַמאָליקער לויזע. ווען איר וואָלט מיך געזען, וואָלט איר מיך נישט דערקענט, אַזוי האָבן מיך די איבערלעבונגען אויסגעשעפּט. מיין לעבן וועט זיך דאָ פאַרענדיקן, אין שטילקייט און אין טרויער. איך וועל בעטן גאָט, ער זאָל אייך באַלד צושיקן אַ געליבטע, אומשולדיקע, שיינע ווייב, ווי איך האָב געטרוימט צו זיין פאַר אייך. איך וויל דאָ אויסקויפן אונדזער ביידנס זינד, ווייל איך ליב אייך כסדר, מיין טייערער! איך מאַך אייך קיין שום פאָרווורפן נישט; איר זענט נישט געווען שולדיק מער פון מיר... אַז איר וועט טראַכטן וועגן מיר, שפּעטער, ווען איר וועט האָבן אַ יונגע ווייב מיט קינדער, ווייל איך נישט איר זאָלט האָבן געוויסן-יסורים... האָט בלויז צאַרטע ערינערונגען פאַר דער, וועלכע האָט אייך אַוועקגעגעבן איר גאַנץ וועזן, האַרץ און לייב, וועלכע האָט אייך נישט געקענט אָפּזאָגן זיך אָפּצוגעבן, ווייל זי האָט אייך צו פיל געליבט — און וועלכע איז געקומען צום באַשלוס, אַז זי האָט נישט קיין רעכט צו זיין אייער ווייב, ווייל זי האָט אייך צופיל געליבט.

ס ו ף